ז. שפירא.

# סילועטען

## בילדער פון געפאנגענען-לאגער.



פערלאג א. גיטלין

ווארשא 1920

## נקמה.

אין דרייען האבען זיי זיך אראבגעלאזען צום טייך, וואס האט אין דער כמעט נאך נאכט־פינסטערניש אויסגעזעהן ווי א אבגרונד, איבער'ן וועלכען עס זענען געהאנגען גאנצע וואלקענס פון בלייכער פארע.

דורך א געפלעכט פון אייזערנע באלקענס, שטריק, קייטען און צוזאמענגעקלאפט'ע ברעטער זענען זיי איבערגעקראכען איבער'ן אבגרונד און זיך אראבגעלאזען אויפ'ן „דאמף־ראמע" *), וואס איז געשטאנען אין מיטען טייך.

איינער פון די דריי, א נידעריגער, מאגערער נאר פעסט־געבויטער בחור איז געגאנגען פאראויס, דורכשפרינגענדיג דורך די ברעטער און באלקענס און זיך אראבגעלאזען דורכ'ן לייטער אין קאפער־פראם **).

*) א דאמף־מאשין אויף אריינ־לאפען קלעצער צו א בריק.

**) דער פראם, אויף וועלכען עס שווימט די דאמף־ראמע.

— „גערא‌דע ווי איין אפע"... — האט דערבײ צוגע־נעבען דער „פאליער" *), א הויכער דײטש, מיט א פערשפיצטער נאז און איין אראבגעלאזענעם גרויסען הוט. און ווירקליך איז געווען וואס צו בעוואונדערן. אט דאס מאגערע געשטאלט מיט דעם איינגעצויגענעם פנים, וואס איז געווען כמעט געל, און מיט דינע קרומע פיס, האט גארנישט פאראויסגעזאגט וועגען דעם כח און פלינקייט, וואס עס איז בעזעסען. און מען וואלט איהם געוויס נישט צוגענומען, ווען נישט דאס מיידעל, וואס איז פיט איהם מיטגעקומען, ווער וויים פון וואנען. געווען איז זי א לאכענדיגע בלאנדינקע מיט גרויע אויגען, וועלכע האט פאר דעם דײטש, דעם „פאליער" פארגעשטעלט א זיסע ערינערונג פון איבער'ן רהיין...

און דאס מאגערע געשטאלט מיט'ן נאמען „יוסף" אדער „יאשעק", ווי מען האט איהם גערופען, איז געווען צופרידען פון די לייכטע קאמפלימענטען, וואס זיין מיידעל האט בעקומען פון דעם מענשען פון איבער'ן רהיין.

אויך ווען זיי זענען געווארען לעצטענס א ביסעל צופיעל, דערמיט, וואס דער מאן פון איבער'ן רהיין פלעגט זי צו אפט נעהמען פאר'ן האנד און ארום דער טאליע, — איז ער אויך געווען צופרידען, דען כמעט שטענדיג פלעגט דערבײ שוין פאלען א גוט ווארט פאר איהם אויך. דער „פאליער" פלעגט זאגען: „מיין שען מיידעלע, איז דיין חתן א פעהיגער יונג, — גערא‌דע ווי איין אפע".

אויך איצט, ווען ער האט דערהערט דאסזעלבע גוטע ווארט פון זיין „פאליער", האט איהם אינוועניג ווי עפעס א קיצעל געטהון. ווי א געיאגטע קאץ, האט ער זיך א לאז־געטהון איבער'ן לייטער, וואס איז געהאנגען איבער'ן טייך פון דעם הויכען ריסטונג, און באלד איז ער געווען אונטען. ער האט ארויפגעקוקט אויבען, הויך, וואו די צוויי קערפערס, פון „פאליער" און צווייטען „פאראר‌בייטער", האבען איסגעזעהן,

*) א מייסטער צו בריקען־בוי

זוי צוויי קליינע, לאנגזאם־קריכענדע בעשעפענישען. א מינוט האט ער א טראכט געטהון, אז אט נישט לאנג האט ער מורא געהאט א פוס צו שטעלען איבער דער מורא׳דיגער הייכקייט, וואו יעדער פעהלער דראהט מיט טויט, און האט געקוקט אויפ׳ן פאליער און פאר־ארבייטער. ווי אויף מענשען, וואס זענען פעהיג אויף העלדען־מעשים, און היינט — „געראדע ווי איין אפע"... דאס ווארט איז איהם שטארק געפעלען, נאר דאך וואלט ער עס וועלען... נישט הערען שוין מעהר אין איהר געגענוווארט... אדער בעסער — ער וואלט וועלען, זי זאל שוין מעהר אהער, אויפ׳ן פראס, נישט קומען, און ער, דער מענש פון איבער׳ן רהיין זאל איהר שוין מעהר נישט נעהמען פאר די הענד און כאפען אין דער העלפט ביים ארויסזעצען פון שיפעל...

— איז קיין וואסער דארט? — האט פון דער־הויך א פרעג־געטהון דער „פאר־ארבייטער".

— ניין! — האט יוסף געענטפערט.

— ווא — אס?? — האט איבערגעפרעגט די שטימע פון אויבען.

— ניי—יי—יין!...

זיין שטימע איז געוועזן שטארק, הויך און האט מיט צעהנדליגע ווידער־קולות אבגעקלונגען אין די הויכע ברעגעס, הינטער׳ן בריקען־געוועלב און איבער די ווייטע לאנקעס פון יענער זייט טייך. יוסף האט זיך א ווייל איינגעהערט און בעוואונדערט זיין אייגען מעכטיג קול, וואס האט שוין אויסגעזעהן, ווי פון א רעכטען בריק־ארבייטער, און האט צופרידען אונטערגעזאגט:

— גאר אנדערע ווערטער...

אין דרויסען איז שוין געוועזן גוטער פריהמארגען. דאס דראבנע רעגענדעל, וואס האט אין דער נאכט געטריפט, האט אינגאנצען אויפגעהערט, און די וואלקענס האבען זיך צעשפרייט, איבערלאזענדיג בלויז רויטליכע פאסען אויפן מזרח. דער וייסער טוי, וואס האט אלץ געהאט איינגעהילט, האט

זיך שנעל גענומען אראבזעצען, און שארף האבען זיך ארויס געשניטען די שווערע „טרעגער״ *), איבער וועלכע עס איז געשטאנען א הויכע ווינדע מיט א גאנץ געפלעכט פון אייזענס „ ברעטער און קייטען. די ארבייט האט זיך אנגעהויבען מ׳ט׳ן פולען גאנג: מיט טעמפע קלעפ האבען זיך געהערט די האנד ראמען **) איף פערשידענע ערטער פון טייך, נאך פערזונקען אין געדיכטען מארגען-טוי, און וועלכע זענען בעגלייט געווארען פון א טאקטישען „א—האפ!״. א געדיכטער גרויסער דאמף האט זיך דערהויבען איבער׳ן ברעג פון דער מאשין, און באלד איז דאס שנעלע אטעמען איהר׳ס לאנגזאמער געווארען, און די גרויסע עלעקטרישע לאמפען האבען זיך אויסגעלאשען.

די זון איז אויפגעגאנגען.

מיט א מאל זענען העלע און ראזע שטרייפען זיך צע-לאפען איבער אלע זייטען: עס האבען פערשימערט די שווערע קייטען אין דראהט-זיילען ***), בעדעקט מיט טוי, און האבען געלויכטען, אבווארפענדיג פון זיך די שטראהלען אין געשטאלט פון רעגענבויגען. די הויכע „ווינדע״ האט ווייט זיך געלויכטען אינגאנצען אין ראזען בעגאסען, ווי אבגעפרישט. עס האט זיך דערשפירט, אזוי ווי א יום-טוב, א יום-טוב פון אייזען און שטאהל וואלט פלוצלונג אויפגעשיינט. ראזע האבען אויך אומ-געזעהן די מענשען, וואס האבען, ווי קליינע מוראווקעס, אדער וועווערקעס אויסגעזעהן, שפרינגענדיג איבער דער קוים זיכט-בארער נעץ פון די אייזערנע לייטערלעך.

די לופט איז פול געווארען מיט א לעבעדיגקייט: הויך האבען זיך צעקלונגען די האמערס אין דער קוזשנע אויפ׳ן ברעג און זיך צוזאמענגעגאסען מיט גערויש און קולות אין איין וואר-פענדיגעם און קלאפענדיגעס. עס האבען א קרעכץ געטהון די

*) אייזענע באלקענס, אויף וועלכע עס האלט זיך א בריק.

**) הילצערנע מאשין אריינצעהאקען פאלעס און קלעצער.

***) דראהטענע ליניעס, שטריק.

ריעזיגע קייטען ביים „קאפער" *) און באלד האבען זיך געלאזט אין א ווילד געלויף איבער די רעדער, הויבענדיג די שווארצע משא פון „אייזענבער" **) הויך ביז צום שפיץ.

דארט, אין דערהויך, איז איצט געשטאנען יוסף.

זיין קליינע דארע פיגור האט אויסגעזעהן, ווי אן אבגעמאטערטער פויגעל וואלט דארט גערוהט, זיך ווארעמענדיג געגען דער זון. אליין אויפ'ן זעלבען ארט האט ער זיך געדרעהט. רעגולירענדיג די שווערע קייטען.

— האלט! — האט זיך דערהערט א געשריי פון דער־הויך.

— הערסטו, אבראם, ווי דער יוסף האט זיך אויסגעלערנט ריכטיג שרייען, — האט א זאג געטהון דער פאליער צום פאר־ארבייטער, ווערלכער האט געהאט אנ'עכטע יודישע נאז מיט אויגען.

— און ווי ער שטעהט אין דער־הויך... — האט זיך אבראם פערוואונדערט.

— גערארע ווי איין אפע... — האט צוגעגעבען דער פאליער: — איך האב נאך אזעלכעם נישט געזעהן, שוין צוואנציג ארביימס־יאהרען אויפ'ן רהיין...

— און וואס מאכט זיין קליינע? — האט אבראם אונ־דרייסט, אבער נייגעריג א פרעג געטהון.

— א מערקווירדיג פאר'ל! זי איז נאך בעסער פאר איהם...

— דאס פערשטעהט זיך...

דער פאראַרבייטער האט א וואונק געטהון, א מאך געגע־בען מיט דער האנד עפעס א וואיליוונגישען זשעסט, און פלוצ־לונג א ווייז געטהון אויפ'ן ברעג.

אינגאנצען בעלויכטען פון דער אויפגעהענדער זון, איז אויפ'ן ברעג געשטאנען א מיידעל, קענטיג נאך גאר א יונגע. זי האט א מאך געטהון מיט'ן הענדטעל, און באלד האט מען איהר פון פראם צוגעגעבען א שיפעל און אריבערגעפיהרט.

באלד האט דער פאליער זיך פלינק א לאז געטהון צום

*) מאשינען־טייל פון דער „דאמף־ראמע".

**) א אייזערנער שווערער טייל צום קלאפען.

צושטייגענדען שיפעל, און, א כאפּ געבענדיג דאס מיידעל אין דער העלפט, איז ער אין איין מאמענט געווען מיט איהר אויפ׳ן „קאפער". א צייט איז ער דא מיט איהר ארומגעגאנגען הין און צוריק צווישען די אנגעלעגטע הויפענס פון שטריק, קייטען און פעסער פעך. איהרע בלאנדע ווייכע לאקען האבען זיך אראבגעלאזען אויף שמאלע צארטע אקסלען און זיך נאכגעווארפען ביי איטליכען איבערשטייגען זייערען פון איין ברעט אויף דער צווייטער.

דער פאליער האט גיריג בעטראכט איהר קליין, אבער עלאסטיש פיגור׳ל, איינרוימענדיג איהר פון צייט צו צייט עפּעס אין אויער׳ל, פון וואס זי האט הילכיג געלאכט.

עס האט פערקלונגען אויף פרישטיק.

---

שנעל, ווי א בליץ, איז יוסף אראבגעפלויגען איבער די דינע לייטערלעך און איז אראב אונטען, דארט, וואו דאס ליעבע בלאנדע מיידעל האט אויף איהם שוין בעדארפט ווארטען מיט׳ן פרישטיק. א מינוט האט ער מיט׳ן בליק איבערגענורעט אלע ווינקעלעך פון געוועהנליכע ערטער, וואו ער פלעגט זי שטענדיג טרעפען. זי איז נישט געווען.

„זי מוז זיין אינוועניג מיט איהם" — איז איהם דורכ־געפלויגען א געדאנק. ער איז אריין אין דער ארבייטער־בודע, די בודע איז געווען פול. ארום א קליין טישעל זענען געזעסען זיינע חברים און האבען געגעסען פרישטיק. פערשידענע ווייבער און מיידלעך זענען דא געזעסען אויף דער ערד, און מיט א בעזונדער הנאה געקוקט, ווי די מענער עסען, אונטערהאלטענדיג זיי מיט א געשפרעך.

— אבראם, איהר ווייסט נישט, וואו זי איז? — האט יוסף שטיל געפרעגט דעם פארארבייטער.

דער לעצטער האט מיט לאכענדיגע אויגען א קוק געטהון אויף איהם, און ער האט דערשפירט, ווי דאס בלוט קומט איהם אין פנים אריין...

— „אט זיי אלע ווייסען, אז זי איז איצט ביי „איהם" — איז איהם דורך א געדאנק, און ער האט זיך דערמאהנט, ווי, שטעהענדיג אין דער הויף, פלעגט ער נישט איין מאל זעהן, ווי דער פאליער, „דער מאן פון איבער'ן רהיין", פלעגט זי כאפען אין דער העלפט, ארויםטראגענדיג זי פון דער לאדקע, ביי וואס זי פלעגט הילכיג לאכען.

באלד איז ער ארוים אויפ'ן פראם.

דער קורצער פרישטיק האט זיך געענדיגט. מען האט זיך ווידער אנגעהם געטהון צו דער געוועהנליכער ארבייט.

— יוסף זאל ארויף אויבען! — האט זיך דערהערט די קאמאנדע פון פאראַרבייטער.

— אבער איך האב דאך נאך נישט געפרישטיקט, איך שטארב עסען — האט יוסף שטיל א זאג געטהון דעם פאר־ארבייטער, נישט וועלענדיג, אז דאס זאל עמיצער הערען.

— נישט אזוי דאס עסען, ווי דאס, וואס זי... — האט אבראם א זאג געטהון, קוקענדיג מיט א געלעכטער איהם גלייך אין פנים אריין.

יוסף'ן האט דאס טיעף בעריהרט. איהם האט באלד באנג געטהון, פארוואס ער האט זיך נאכגעפרעגט, פארוואס ער האט זיך וויסענדיג געמאכט, פארוואס ער איז באלד נישט ארויף אויבען...

— א שען „שטיקעל" האט זי איהם אבגעטהון, זאל איך אזוי לעבען... — האט צוגעגעבען א געשטופעלטער ריעז, וואס איז צוגעגאנגען.

— זי איז נישט קיין „פרייערין"... — האט צוגעווארפען א געבוירענער ווארשאווער מיט זומערדיגע הויזלעך.

— ווען איך האב אזא שטיקעל „סחורה", וואלט איך מיר בעסער בעגאנגען, ווי ער — האט פאַרגעזעצט דער געשטופעלטער.

— איך וואלט יעצט געשלאפען...

— און ער האט דען פון איהר גארנישט? — האט אינ־פאך א פרעג געטהון דער פאראַרבייטער.

— ביי זיי איז עס א ליעבע... — האט זיך אבגערופען

א צוגעקומענער — דער „פרייער" האט זיך אין איהר איינגעליעבט.
— אזא יאהר אויף מיר, ווי איך... — האט דער וואר-שאווער געפרובט אויסגלייכען...

דאס רעדעל איז געווארען גרעסער. יוסף האט זיך גע-מאכט, ווי ער הערט נישט די אלע עצות און וויצען, וואס זענען איבער איהר און איהם געזאגט געווארען. טיעף אבער האבען זיי אין איהם אריינגעדרונגען אט די אלע ווערטער און ווי ער זאל נישט וועלען הערען, האט ער דאך אויסגעהערט דעם פאראַרבייטערס עצה, אנצוקלאפען אין פאליערס בודע. א מינוט האט ער זיך בעקלערט; באלד האט ער זיך אבער מיישב געווען און איז שנעל ארויף אויבען צו דער ארבייט.

און ווירקליך איז איהם דא געווארען לייכטער. אויף דער קליינער אייזערנער פלאטפארמע האט ער זיך נאך קיינמאל אזוי גוט נישט געפיהלט, ווי איצט. הויך איבער'ן וואסער, האט ער זיך דערשפירט ווי אנטרונען פון די בייזע, לאכענדיגע בליקען פון אונטען. א פראסטיגער צוג האט געקיהלט זיינע צעהיצטע בלוטען און ער האט זיך געשמאק גענומען צו דער ארבייט.

באלד אבער האט ער דערהערט קולות פון אונטען. ער האט אראבגעקוקט. צווישען די פעסער, פעק און נאך אזעלכע הויפענס האט ארויסגעגלאנצט דער בלאנדער קאפ פון מיידעל, נישט ווייט פון פאליערס בודע.

די קולות האבען געשטיגען.

— יוסף, יאשעק! — האט מען פון אונטען אהן אויפהער געשריגען.

ער איז אראב.

— וואו ביסטו געווען? — איז דאס מיידעל א פרעהליכע צו איהם צוגעגאנגען.

יוסף האט נישט געענטפערט. א ווייל'ע האט ער שטארק געקוקט אויף איהר פרעהליך פנים מיט די גרויע גרויס געעפענטע אויגען, וועלכע מען וואלט קיינמאל נישט געקאנט אין עפעס חושד זיין; און שוין האט ער געוואלט גלויבען, אז דא אי-

קיין זאך נישט פארגעקומען, אז דאס איז א יעצט אהער געקומען; נור דא האט ער זיך בעגעגענט מיט'ן פאליערס בליק. דער פאליער איז געווען רויט, זאט און פון זיינע פערלאפענע אייגלעך האט ארויסגעקוקט עפעס אזעלכעס, וואס האט געלאכט פון יוספ'ן און איהם אויפגערייצט.

— קום נישט מעהר אהער! — האט ער איהר א זאג געטהון, אבגעהענדיג פון פאליער, און האט ארייגעווארפען דאס שטען אין וואסער אריין.

דער פאליער האט געלאכט...

אט דאס צופרידענע לאכען פון פאליער, — האט יוספ'ן טיעף ביז דער נשמה געדרונגען. ער האט געקוקט אויף די פערגאסענע אייגלעך פונ'ם פאליער, אויף די צעהנדליגער שפעלטלעך, וואס זענען זיך צעלאפען איבער זיין גאנץ פנים, און האבען אויסגעדריקט אזוי פיעל חוזק פון איהם, פון יוספ'ן, פון איהם, דעם אבגענארטען, ביי וועמען ער האט געקענט צונעהמען דאס לעצטע אין זיין לעבען...

---

עס זענען אוועקגעגאנגען טעג, און יוסף האט דערפיהלט, ווי עפעס געהיימעס טיילט איהם פון זיין פאליער, און זיין פריהערדיגע דאנקבארקייט פאר איהם, וואס ער, דער מאן פון איבער'ן רהיין, האט איהם און איהר געראטעוועט פון הונגער איז מיט אמאל פערשוואונדען געווארען. א שטום געפיהל האט איהם אנגעזאגט, אז עפעס שטארקעס, שווערעס דארף נאך דורכגעהן צווישען איהם, א מאגער, קליין מענשעל, וואס האט נישט צו עסען, און איהם, דעם שטארקען. און לאנג, אפטער, פלעגט ער זיך דעריבער פערטראכטען ביי דער ארבייט.

ער פלעגט קלערען און צווייפלען, אויב זי, די קליינע, וואס בעגעגענט איהם שטענדיג אזוי פרעהליך און קוקט מיט אזוינע אפענע קינדישע אויגען, אויב די קליינע זאל איהם אבנארען, נאכדעם ווי זי קומט שוין נישט אויפ'ן פראם און ער האט

זיך דערמאהנט, אז אפטער פארנאכט ווערט זי פלוצלונג פער־שוואונדען און קומט ערשט אין שפעטען אווענד אהיים א צעשויבערטע און א מיעדע. און דאן, ווען ער פרעגט איהר' עפעס, עפענט זי אויף די גרויסע, גרויע אויגען איהרע, און עס איז געווען איין שמייכעל איהרער, אז דער גאנצער פערדאכט זיינער זאל מיט איינמאל צעפליהען ווערען, ווי א ביטערער רויך... נור ביינאכט קלערט ער ווידער, און ליעגט לאנג, ליעגט מיט אפענע אויגען און קוקט אין דער פינסטערניש פון שטיבעל.

---

אין די לאנגע שלאפלאזע נעכט איז ביי יוסעפ'ן אין געדאנק געבוירען געווארען עפעס מורא'דיגעס, און אין דעם טאג האט ער ארויסגענומען א גרויסע, שארפע פייל פון מעכאניקס קעס־טעל ארויס, און פערשטעקט טיעף אין שטיוועל אריין. ער האט בעשלאסען, אז היינט מוז ווערען אבגעטהון דאס, צו וואס עס האט זיך שוין צוגעוועהנט זיין געדאנק, און פאר וועלכעס ער האט פון אנהויב אזוי מורא געהאט. ער האט שוין מעהר נישט געקלערט, ווי די זאך דארף געשעהן — אלץ איז שוין ביי איהם אין מח געווען אויסגעארבייט אין די לאנגע שלאפלאזע נעכט. איבעריגענס, איז איהם געווען יעצט אלץ איינס — נור עס זאל געשעהן! בעזונדערס האט איהם גערייצט דער געדאנק, אז ער, אזא קליין מענשעלע, א מאגערס און א הונגעריגס, וועט יעצט ווייזען, וואס ער קאן און מיט וואס ער צאהלט פאר זיין שווערער בעליידיגונג פון דעם שטארקען און זאטען, מיט וואס ער קאן צאהלען פאר'ן צונעהמען פון איהם דאס, וואס פלעגט איהם שטענדיג געבען אזוי פיעל מוט און כח — און ער האט דערשפירט דאס נקמה־געפיהל, וואס האט געבריהט אין איהם ווי א שארפער גיפט.

ער האט געווארט אייף נאכט, און ווען פארנאכט איז זי איהם פלוצלינג ווידער פערשוואונדען געווארען, איז ער אראב צום טייך. א געדיכטער נעבעל איז איבער'ן טייך געהאנגען, פון בעלבען מען האט קוים ארויסגעזעהן די ברעגענדע, גרויסע עלעק־

טרישע לאמפען אין געשטאלט פון קליינע געלבע פונקטען.
אלץ ארום האט גערוהט; בלויז וואס פון ווייטען האט זיך געלאזט הערען דאס מאנאטאנע געזאנג פון א גרופע נאכט־ארבייטער ביי א האנד־ראמע, וועלכע האבען, לאנג ציהענדיג די טענער, געזונגען:

ווידער פעסטער נעהמען מי—ר...
זיין וועט בראנפען, זיין וועט בי—ער!

א ווײַלע איז יוסף געשטאנען און זיך איינגעהערט צו דעם גוט בעקאנטען ראמען־ליעדעל און געקוקט אין דער ווייטקייט. ער האט בעמערקט דעם גרויסען שווערען קאפ פון דעם „בער" *) אויפ'ן שפיץ פון דער „דאמף ראמע", וואס האט ווי א געהיים־ניספולער ריעז זיך געטונקעלט אין דעם בלייכען טוי איבער'ן וואסער. אונטען, וואו עס האט בעדארפט זיין דעם פאליערס בודע, האט קוים עפעס געלויכטען. א ווײַלע האט ער אויפ־מערקזאם געקוקט און האט געטראכט, אז זי מוז יעצט געווים זיין אין די ארעמס פון איהם, פון מאן פון איבער'ן רהיין, און ווייס גארנישט, אז ער ווארט דא אין דער נאכט אויפ'ן ברעג...

ער האט דערפיהלט א שטארקע קעלט גלייכצייטיג מיט א הייסקייט אין קאפ. אין דער פינסטערניש פון ברעג האט ער דערטאפט א שיפעל און איז שטיל ארויסגעפאהרען אויפ'ן וואסער. דער שטראם האט שטארק געריסען נאכ'ן קוים מערקבארען פייער'ל פון פאליערס בודע, האט ער זיך געריכטעט, פאהרענדיג געגען שטראם.

באלד איז ער געווען ביים פראם. ער האט אויסגעטהון די שווערע שטיוועל און דריקענדיג די פייל אין האנד, איז ער פלינק און שטיל, ווי א קאץ, ארויף אויף דעם דעק. א מינוט איז ער א־זומגעקראכען צווישען די פעסער און הויפענס שטריק און איז שיער נישט ארויף אויפ'ן שלאפענדען וועכטער, וואס

*) אייזערנער טייל צום אריינשלאגען קלעצער אין טייך.

האט שטארק געכראפעט, איינגעהילט, ווי גרוים ער איז, אין זיין פעלץ.

ער איז געוועזן ביים פאלישרס בודע.

א צייט איז ער געשטאנען, צולעגענדיג דאס איער און זיך איינהערענדיג מיט אלע חושים. און אט האט זיך דערהערט א ד'ין קוועלענדיג געלעכטער'ל, וואס האט זיך באלד איבערגע' חור'ט העכער... — איהר געלעכטער!...

יוספ'ן האט עס אבער שוין נישט איבערראשט; לאנג און ער שוין צו דעם געדאנק געוועזן צוגעוועהנט. ער איז באלד איועקגעגאנגען און, ארויפכאפענדיג זיך אויפ'ן דינעם אייזערנעם לייטער'ל, איז ער ארויף אויפ'ן ערשטען שטאק פון דער דאפף־ ראמע. א וויילע איז ער שטעהן געבליבען, בעטראכטענדיג, וואס ער האט צו טהון, און איז ארויף העכער.

באלד איז ער געוועזן ביים שפיץ.

דא אין דער הויך צווישען היטעל און נעבעל, האט זי איהם יעצט אויסגעוויזען אזוי שען, אז ער האט א וויילע זיך אוועקגעשטעלט אויף דער אייזערנער קליינער פלאטפארמע און זיך ארומגעקוקט. ארום האט מען אבער נארנישט געזעהן מעהר ווי א בלייבען ווייסען נעבעל. אין וועלכען דער הינ־ טערשטער טייל פון דער „ראמע" האט זיך אינגאנצען פער־ לוירען.

עס האט זיך איהם אויסגעוויזען אזוי ווי ער וואלט דא געריטען צווישען וואלקען און עס וואלט איהם געווען אזוי גוט, ווען נישט די טיוועלשע ארבייט, וואס ער דארף דא באלד אבטהון, פאר דעם אומרעכט, וואס ווערט איהם יעצט געטהאן דארט, אונטען, אין דער איינהילונג פון נעבעל.

ער האט זיך איינגעהערט צום האסטיגען קלאפען פון הארץ, און מיט ציטערדיגע פינגער האט ער זיך גענומען אבשרויפען די שרויפען, וואס פערהאלטען די משא פון „בער" צווישען צוויי אייזערנע זיילען־שינעס. באלד איז דאס גאנצע שווערקייט הענגען געבליבען אויף דער ריעזיגער קייט — און דא האט ער זיך גענומען פיילען איינס פון איהרע רינגען. ער האט געפיילט...

זיין ארבייט איז געוואָרען אַלע מאָל שנעלער, הייסער און אונפאַרזיכטיגער.

ער האָט דערשפּירט אַ שטאַרקע היץ אין קאָפּ... און פּלוצלינג האָט זיך אַ טויבער, - אָבער מעכטיגער קלאַפּ דער־הערט: די ריעזיגע קייט איז מיט אַ מורא׳דיגע קראַפט צו־דיק־געשפּרונגען און האָט זיך צעשאָטען אין אַ הילכיגען קלאַנג איבער דאָס אייזערנע געפלעכט פון דער „ראַמע" — די משא איז אראָב!...

אַדורכשלאָגענדיג די פּראָם־דעקען, איז זי אראָב צום גרונד, פון וואָס די פּראָמען, אויף וועלכע די „ראַמע" האָט זיך געהאַלטען, זענען פול געוואָרען מיט וואַסער...

די „ראַמע" האָט פערלוירען איהר גלייכגעוויכט, און לאַנגזאַם, אָבער מעכטיג, האָט זיך די אייזערנע געביידע איבער׳ן וואַסער גענומען נייגען און זינקען... פּלוצלינג האָט די שטילע נאַכט ווי אויפגעקאַכט: פלינק האָבען זיך פון אַלע זייטען געריסען די קייטען און „די דראָהט־זיילען" האָבען מיט אַ פּייפעריי געפּלאַצט, איינדרעהענדיג זיך אין לופטען, ווי ריעזיגע שלאַנגען. מיט אַ טעמפּען הילך האָט זיך די ריעזיגע געביידע אַ לעג־געטהון אויף די הילצערנע „שפּיצפּאַלען" פון בריק, וועלכע האָבען זיך געבראָכען אונטער׳ן דרוק, ווי שפּענדלעך, און די ריעזיגע „ווינדע" מיט׳ן גאַנצען געפלעכט פון ברעטער, באַלקענס און שטאַבעס האָבען זיך מיט אַמאָל אַ שאָט געטהון, צעקנייטשענדיג אַלץ אַלץ אויף׳ן וועג און מיטשלעפּענדיג אין אָבגרונד... מיט אַמאָל האָט זיך אַלץ פערוואַנדעלט אין אַ ווילד ברעכעריי, פון וואַנען עס האָט געבליצט מיט פייער, בעגלייט פון הילכיגע קלעפּ. עס האָ־בען זיך מיטגעשלעפּט די הויכע לאַמטערנעס און זענען פער־לאָשען געוואָרען, פאַלענדיג אין אָבגרונד, און אַלץ אַרום האָט בעהערשט אַ טיפע געדיכטע פינסטערניש, ווי עפּעס אַ מוראדיגע קראַפט האָט געבראָכען און געריסען, אויסמי־שענדיג אַלץ מיט׳ן ווילדען שטראָם פון וואַסער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ארײַנפלעכטענדיג זיך אין די ארעמס, האבען נישט
וויט עטליכע נפשות אין די לעצטע קראמפען געציטערט...
און דאס ברויזענדע וואסער האט זיי געטראגען, געטראגען...



## דאס געשפענסט.

ווי עס קומט נאך האלבע נאכט, ווערט דאס קלאפען פון דער דאמף=מאשין לאנגזאמער און פון אינווענינ, פון מאשין=קעסעל, דערהויבען זיך אבגעריסענע פייפען און טענער און עס הויבט זיך אן א געזאנג... צעהנדליגער פערשידענארטיגע קולות צעווינען זיך דאן אינווענינ, אין דער מאשינענטיעף, און איבער דער גאנצער גרויסער מאשינענבודע צעלעגט זיך עפעס, וואס רוישט און שווינט צוזאמען, ווי עפעס געהיימעס וואלט פלוצלונג פער=האלטען דעם אטעם. פון די ווייטע ווינקעלעד, וואו עס שטעהען די שרייב=שטאקען *) און דער ווארשטאט, הייבען אן אראב=פאלען פיילען, אדער אנדערע זאכען, פונקט ווי עמיצער וואלט זיך דארט ארומגעדרעהט.. און פון דער מאשין זיפצט און וויינט...

דיביידע געהילפסונגלעך ווערען דאן פעסט אנטשלאפען

*) אנ'ארט איינשפאן פאר זאכען, וואס ווערען געשפיילט.

און כראפּען הויך, זיצענדיג אויף קלעצלעך אנגעשפּארט צו דער וואנד; און נור ער, יוסף, שטעהט און הערט זיך דאס איין... געהמט איהם דאביי ווען אן א שוידער — פּאסט ער זיך: ער ניט צו פּארע דער מאשין, דאס לאנגזאמע קלאפּען ווערט שנעלער, האסטיגער, און ווען דאס „געזאנג" הערט פּארט נישט אויף, וועקט ער די געהילפען, זֿ קאפּ־געבענדיג איטליכען אין זייט אריין:

— גענוג געכראפּעט א גאנצען טאג... די שדים צעשפּילען זיך דא, ווען איהר שלאפט... — דאס לעצטע זאגט ער ארוים שטילער, ווי ער וואלט ווירקליך בעריהרט עמיצענס אנ־וועזענהייט... נור אפּטער, אין אזעלכע מאמענטען, איז גענוג א געשריי אדער א קלאנג, וואס קומט פון דרויסען, פון דער בוישטעלע, אז ער זאל זיך דערפיהלען היימישער, זיכערער דא, אין דער אבגעזונדערטער מאשינבודע און דאס וויינענדע קעסעל־געזאנג צעווייגט בלויז ביי איהם ערינערונגען, ערינערונגען...

---

דאס איז געווען אין א רעגענדיגען יעשען־טאג, געדענקט ער, ווען זי, מאריע, איז צו איהם געקומען מיט צע־שויבערטע האר און מיט שרעק אין די אויגען און האט איהם גערופען צו זיין שטארבענדען קאלעגא. און ווען ער, יוסף, איז אריינגעקומען, איז דער קראנקער געלעגען מיט'ן טויט אויפ'ן פנים.

זיין געלב ווייסע נאז און גאמבע זענען געווען פערשפּיצט און ארויפגעריסען און אין די אויגען האט געבליצט א פייער'ל. ווען ער איז אבער נעהנטער צוגעגאנגען, האט איהם דער קראנקער צוגעווארפען אזא בליק, וואס האט געקיהלט אין איהם, אין יוספ'ן, דאס בלוט אין די אדער'ן. דער קראנקער האט זיך א הויב געטהון, א מאך געטהון מיט'ן האנד ווי איהם אב־צושרעקען און קאנוואולסיוו א ציטער געהערינג, האט ער דעם לעצטען אטעם ארויסגעלאזען...

זי, מאריע, וואס איז איהם געקומען רופען, האט זיך

א פערצווייפעלטע ארויסגעווארפען אויפ'ן טויטען, שטייף איהם אומארמענדיג:

— שטארב נישט, וואו לאזסטו מיך איבער? — האט זי זיך געריסען...

„ביי מיר, ביי מיר"... האט יוסף זיך געטראכט, און זיין פריהעריגער קאנקורענט איז שוין געוועזען אויסגעגאנגען, געלב און אבשייליך מיאוס...

איהם האט אפילו פערדראסען, וואס זי, מאריע, קושט יעצט דעם טויטען, זיינע בלייך געווארענע ליפען און אויגען, וואס האבען א פערגליווערטען כעס „אין זיך בעהאלטען, „ער האט געוואלט פון איהם פטור ווערען, און יעצט איז עס געשעהן"...

ער האט געקוקט אויפ'ן טויטענס אבגעדעקטער ביינערדינער ברוסט, אויף דאס פערענדערטקייט פון זיין געשטאלט, ווי ווע־לענדיג אויסגעפינען כאטש א שפור פון זיין פריהעריגען שטארקען און שענעם חבר; נור די קרענק און ארעמקייט האט איהם אין פערצעהרט, אז פאר איהם, פאר יוספ'ן, איז יעצט איננאנצע אן אנדער מענשענגעשטאלט געלעגען, עפעס אזעלכעס, וואס דערמאהנט בלויז אין זיין פריהעריגען חבר, חייל... ווייל זי, מאריע, קושט איהם... און ער האט שנעל, ווי אמגיכסטען געוואלט דערפון פטור ווערען...

— איז נישט געווען דער דאקטאר די גאנצע צייט? — האט ער געפרעגט די ארומשטעהענדע ארבייטער.

קיינער האט אבער נישט געוואוסט.

— יעצט איז שוין אלץ איינם — האט עפעס א פרעמדער א זאג געטהון.

— לאמיר איהם אראבנעהמען, ער איז שוין טויט...— האט נאך ווער א זאג געטהון.

יוסף האט זיך אומגעקוקט: דאס זענען געווען אבגעריסענע, ווילד פרעמדע ארבייטער.

מען האט געהייסען איהר, מאריע'ן, זי זאל אראבגעהן פון טויטענ'ס בעטעל. זי האט נישט געוואלט. דאן האט ער, יוסף, איהר אנגענומען אין דער העלפט, ביי וואס עס איז

איהם אזא פרעמדער ציטער אריבער איבער׳ן קערפער... א מינוט האט זיך זיין בליק איינגעגעסען; אין איהר פנים און דא האט ער געזעהן איהרע צעפלאמטע אויגען, וואס האבען מיט האס אויף איהם א קוק געטהון...

באלד האט מען אראבגענומען דעם פּיטען. ער איז געווען שווער, גארנישט צוגעפאסט צו זיין קליין געווארענע, כמעט קינדערשע פיגור, און האט זיך געשפּירט מיט א העסליכען געריך...

אויף מארגען איז געווען די לויה.

א בייזער ווינד האט געבלאזען איבער דער פלעכע פון נידריגע אויסגעזייטע זאמד-בערגלעך פאר׳ן בית־עלמין. אין א שווארץ געפארבטע מטה, צוגעדעקט מיט א אבגעבלאקטער צע־ראטע, האבען געטראגען דעם טויטען עטליכע געזונדטע, אבער איינגאנצען אבגעריסענע ארבייטער. די רעשט זענען אין שטילען שווייגען נאכגעגאנגען, בייטענדיג זיך אלע מאל מיט די טראגענדע.

יוסף האט די גאנצע צייט נישט אראבגענומען דאס אויג פון איהר, פון מאריע׳ן, איינגאנצען אין שווארצען, איז זי ווי א שאטען פון פערשטארבענעם נאכגעגאנגען נאך דער מטה. דער ווינד האט בייז געריסען פון איהר די קליידער און זי, א קליינע, אנ׳איינגעטוליעטע ווי א קינד, האט נאכגעצויגען, ארויסגעבענדיג פון צייט צו צייט א טיעפען שליוכץ, וועלכער איז באלד פון ווינד אוועקגעריסען געווארען.

— אזוי איז ער געשטארבען, — האט נעבען יוסף׳ן א זאג געטהון ווי פאר זיך א׳עלטערער ארבייטער.

— און אזוי וועלען מיר אויך שטארבען... — האט נאכגעזאגט א צווייטער.

— ווי א ווארעם, ווי א בעטלער אין פרעמדע תכריכים — האט א דריטער געקריצט מיט די ציינער.

— אזוי שטארבט א׳ארבייטער...

מאריע האט הויך געוויינט.

באלד איז געווען דער בית-עלמין.

דאס בערגיגע ארט האט אבגעשניטען דעם קוק אויפ'ן ווייטען האריזאנט. עס האט זיך געזעהן א שמאלער ערד־פאס, פערשטעלט מיט אלטע פערוואקסענע מצבות, איבער וועלכע עס האט זיך אויפגעצויגען א קאלטער בלייערנער הימעל פון גערינגטע צוזאמענגעדריקטע כמארעס. דער ווינד האט הילכיג געפייפט, שניידענדיג זיך דורך די צווייגען פון די יונגע בערעזעס און סאסנעס. צייטענווייז האט ער זיך אויסגעמישט מיט'ן געוויין פון מאריע'ן אין איין לאנגען טאן, וואס האט מיט שוידער זיך אבגעשלאגען אין די אויערן. דאס איינציגע פרויען־געשטאלט האט יעצט געמאכט א דערדריקענדען אנבליק. צוזאמען מיט'ן בייזען וואיען פון ווינד האט איהר געוויין געקלונגען ווי א יללה פון א פערווארפענער הילפלאזער חיה־מוטער... און ביי יוספ'ן האט עס ערוועקט א מין רחמנות־געפיהל צוזאמען מיט אנ'אונבעוואוסטען פערדרוס. ער האט אלץ נישט אראבגעלאזען די אויגען פון מאריע'ן, בעטענדיג זיך ביי איהר טיעף אין זיין נשמה:

— מאריע, הער אויף צו וויינען... מאריע, ווען דו וואלסט וויסען, ווי איך האב דיך ליעב... קום צו מיר, מיין איינציגע, קום אוועק פון דאנען... דא איז דער טויט!.. דא וועט ער בלייבען, בלייבען אויף אייביג רוהען... און דו, קינד, פערגעס אן אלץ, פערגעס און קום מיט מיר...

א מינוט האט ער זיך דערמאהנט, אז ער, זיין טויטער חבר, ווים נעווים, וואס ער, יוסף, טראכט דא ביי זיין לויה. עס האט איהם פערקלאפט דאס הארץ. ער האט אויפגעהויבען די אויגען — זיי זענען געווען אויפ'ן בית־עלמין.

א דראבנער רעגען האט זיך א דרעה געטהון אין לופטען, די ענגענדע שווארצע וואלקענס זענען געדיכטער געווארען און אין דרויסען איז געווארען פינסטער.

נישט ווייט פון דעם ארט, וואו זיי האבען זיך אבגעשטעלט מיט'ן טויטען, האט זיך געזעהן דער אפענער קבר און א בערגעל פרישער זאמד, ארום וועלכען עס האט זיך מטריח געווען א יוד מיט א רויט געקנוילט בערדעל.

אנדערע צוויי יודען האבען זיך שנעל אבגעפּערטיגט מיט'ן טויטען און די מטה האט צוגעריהרט ביז צום קבר.

— ווער וועט מיר בעצאהלען פאר מיין ארבייט? — האט דער יוד מיט'ן געקנוילט בערדעל א פרעג געטהון, אנ־קוקענדיג דאס הייפעל אבגעריסענע ארבייטער.

— איך... — האט יוסף א זאג געטהון, און אריינגערוקט דעם יודען א מטבע.

— די שערבלעך... — האט דער אלטער צופרידען א זאג געטהון און אבגעדעקט דעם טויטען דאס פנים.

דא האט עפּעס א שטום געטהון יוסף'ן פון דעם טויטען. ער האט דערזעהן דעם טויטענס אויגען, וואס זענען געווען געוועגדט צו איהם און האבען געקוקט מיט א פערקיהלטען מאכט־לאזען דאס, וואס האט צוזאמען מיט די פערצוקטע מוסקולען פון טויטענס פנים אויסגעדריקט פיינליכעם, אונגעהויער פיינליכעם...

מעהר געדענקט ער גארנישט...

נור וייטער ציהען זיך בלויז א לאנגע רייהע טעג, טריבע, ווינטערדיגע. ביינאכט פלעגט איהם די ארבייט אויעק־רופען און בייטאג פלעגט ער זיצען ביי איהר, ביי מאריע'ן, און קוקען אין איהרע גרויסע פערטרויערטע אויגען. און זי, א בלייכע, א אומעטיגע פלעגט קוקען אין גרויען דרויסען, אויף די שויבען, וואו עס פלעגט פוקען א אומעטיגער קאלטער רעגען און דורך וועלכע עס פלעגען זיך זעהן פון וויטענס די שפּיצען פון בית־עלמין־בוימער...

— מאריע — פלעגט ער איהר אמאל זאגען — וואס קוקסטו אלץ אהין? האסטו נאך איהם נישט פערגעסען?..

— — — — — — — — — — — — — —

דא האט זיך אויפגעמאכט די טהיר פון דער מאשינבודע און פון דער דרויסען־שווארצקייט האט זיך אריינגערוקט עפּעס א געשטאלט. ביי יוסף'ן האבען זיך די האר אויפ'ן קאפ גע־שטעלט. דאס איז געוועזען דער געשטארבענער. מיט א גרענק־ליכען בליק אין די אויגען האט ער זיך שטום צוגערוקט צו יוסף'ן, ארויפלעגענדיג איהם זיין דארע ביינעריגע האנד אויפ

אקסעל. יוסף האט דערשפירט, ווי דאס קלאפּען פון זיין הארץ וואלט זיך אבגעשטעלט... טאק, טאק... און עס האט זיך אבגעשטעלט...

— זי האט מיך נאך נישט פערגעסען... — האט דער געשטארבענער, בייז לאכענדיג, געזאגט...

ביי יוספ'ן האט זיך א מורא'דיגער געשריי ארויסגעריסען.

ער האט זיך אויפגעכאפּט.

ארום איז געווען פינסטער. די מאשין האט זיך אבגע-שטעלט און פון דרויסען האבען זיך דערטראגען קולות פון דער ארבייט.

עס האט געטאגט...

## נייגיריגקייט.

— אך, מיין טייערע, ווען דו וואלסט קענען מיט מיר יעצט טרינקען קאווע — אזוי האט מאריע געהערט רעדן פון צווייטען צימער און א נייגיריגקייט, די איינענשאפטליכע מיידעלשע נייגיריגקייט האט איהר מיט דער גאנצער קראפט בעהערשט. זי האט ברייט געעפענט די אויגען און אנגעשפיצט די אויערלעך און, איינגאנצען רויטווערענדיג, האט זי זיך איינגעהערט וואס עס טהוט זיך דארט אין צימער.

יעצט דעם דריטען טאג ווי דאס צימער האט געדונגען איינער פון די פיעל אנגעפאהרענע אינסטרוקטארען צו דער נייער בריק, וואס האט זיך נישט ווייט געהאלטען אין בויען. געווען איז דאס אנ׳אלטער קאוואליער, א דייטש, מיט א שארפע נאז און מיט שיטערע וואנסען, ועלכער האט איסער א האנדקישעל און א פאראסאל געבראכט מיט זיך א שווארץ געלאטעטען הינטעל. איבער דער קורצער צייט האט מאריע איהם צומאל נאך נישט געהאט רעכט געזעהן. ער פלעגט קומען אין אווענד אדורכ=

געהענדיג שנעל איבער די צימער'ן, ווי עמיצער וואלט איהם
בעיאגט און באלד זיך פערשפארען ביז אויף מארגען פריה אין
זיין צימער. ערשט היינטיגען אווענד, ווען ער האט עפעס
גערעדט צו איהר, האט זי קוים געקאנט זעהן א העלפט פון
זיין געזיכט, טאקי די שפיציגע נאז מיט די שיטערע וואנסען
— אזוי איז ער געווען איינגעהילט אין זיין רעגענמאנטעל.

— „מיין טייערע"... — האט מאריע אין זיך איבער-
גערעדט, וועלענדיג זיך איבערציינגען, אז זי האט עס זיכער
געהערט, — „ווער קען דען דארט זיין"? — נאך מעהר
וואונדערליך איז עס געוועזען, וואס קיין בעזונדער גאנג איז
פון דעם צימער נישטא, דורך וואנען האט ער געקענט אהין
זועלכע אריינפיהרען?...

דער זייגער האט געשלאגען „איינס".

אין דער פינסטערניש פון צימער האט זיך מאריע מיט
בארפעסע טריט דערגעהנטערט צום טהיר פון בויפיהרערס *)
צימער, אוים נייגירינקייט, וועלכע האט איהר יעצט לייד-נ-
שאפטליך ארומגענומען, האט זי געוואלט דורכאויס הערען איהר
קול אדער עפעס זעהן דורך דער ברייטער שפארע אין טהיר...
זי האט אריינגעקוקט.

אין צימער איז געווען ליכטיג אבער מען האט גארנישט
געזעהן כעהר ווי דעם ראנד פון טיש, אנגעשטעלט מיט
פערשידענע טעפלעך און פלעשלעך.

האלב אויסגעטהון איז מאריע געשטאנען, אויפמערקזאם זיך
איינהערענדיג וואס דארט קומט פאר. לויט'ן קלאנג פון די
טעפלעך האט זי געקאנט אונטערשיידען, ווען דער בויפיהרער
האט אויפגעקאכט זיין „קאפע", ווען ער האט אנגענאסען און
ענדליך ווען זיי האבען געטרונקען...

— אך, מיין ליעבע, ווען דו וואלסט קאנען מיט מיר
יעצט מיטטרינקען די קאפע און אביסעל פלוידערן!... מיר
ווילט זיך אזוי פלוידערן — האסט קיין בעגריף!... מיין

*) דער עלטסטער אינזשעניער און אנפיהרער מיט דער ארבייט.

פאטער האט געזאגט, אז דאס איז א ריין דייטשע נאטור. דער דייטש דארף אזוי דאס פלוידערן, פונקט ווי דעם ציגאר און די קאפע... און דו, מיין ליעבעם, ליעבעם וועזען, ווילסט נישט פלוידערן, קאנסט נישט רויכערן, אז ווען דו שפירסט דעם רויך, מאכסטו שוין מיט דיינע שענע ברוינע אויגען, און ווילסט קיין קאפע נישט טרינקען... — וואס וועט עס זיין?... ברויט מיט פוטער ווילסטו עסען? יא? — יא, גוט, ווארט, איך וועל דיר אליין אבשניידען ברויט, פוטער און א שטיקעל ווורשט דארויף — דאס האסטו ליעב?... —

מאריען איז יעצט מעהר קיין צווייפעל נישט געווען, אז דארט זיצט יעצט וועלכע. זי האט זיך דערמאהנט אין דעם אויסגעלאסענעם ארט לעבען, וועלכען עס פיהרען די בריקענבוי־ארבייטער, נישט אויסשליסענדיג די אינזשעניערן מיט די בוילייטער, וועגען וואס זי האט לעצטענס געהארכט.

באלד איז דער בויפיהרער, קענטיג, אוועק פון טיש און איז צוגעגאנגען צום טהיר. מאריע האט זיך דערשראקען און שנעל צוגעלאפען און זיך אריינגעווארפען אין איהר בעטעל אריין, גוט איינדרעהענדיג זיך אין דער קאלדרע און פערהאלטען דעם אטעם אין ערוואַרטונג.

די טהיר האט זיך אבער נישט געעפענט. דער בוי־פיהרער האט זיך קענטיג געוואשען ביי דעם וואשטישעל, וואס איז געשטאנען ביים טהיר.

מאריע האט אויפגעהויבען דעם קאפ און זיך ווידער גענומען איינהערען.

— אך ווי שמוציג איך בין!... עלא, זעהסט ווי־שמוציג איך בין? און דו, דו ביסט ריין — קוקסט מיך אן? — דו ביסט זויבער, ריין, הערסט? אך, דו ליעבעם וועזען!.. און יעצט מיט דעם אויסטהון! נישטא אפילו קיין שטיפעלקנעכט! נא... אבער דו, עלא, דארפסט זיין צופריעדען, וואס דו דארפסט דאס אלץ נישט. טראגסט נישט אזעלכע שווערע שטיוועל, נישט קיין אויערן־ווארמער און נישט קיין לעדערנע

הויזען... אין א מינוט ליעגסטו שוין אין בעט מיט דיין שען נאקעט קערפער׳ל...

מאריע׳ן איז א הייסער שטראם אריבער איבער אלע גלי־דער, א ווײלע איז זי געלעגען און געטראכט, אז אויסער איהר האט עס דאך קיין אנדערער נישט געהערט און קיינער ווייס אויך נישט, אויב זי האט עס געהערט; און דאך האט זי זיך אזוי פערשעהמט, אז ווען זי האט טיעף איינגעוויקעלט דעם קאפ אין דער קאלדרע, האט זי דער־שפירט, ווי דאס פנים ברענט איהר אזוי, ווי זי וואלט גע־זעסען ביים הייסען אויווען.

פון צווייטען צימער, וואו איהר מוטער איז געשלאפען, האט זיך דערטראגען א שווער אטעמען. מאריע האט זיך איינגעהערט צום פייפינגען כראפען, און איז געווען צופריע־דען, וואס די מוטער שלאפט אזוי הארט.

באלד האט זיך פון בויפיהרערס צימער דערהערט עפעס ווי א מיאוצען.

— ששש—שא... — האט זיך דערהערט די זעלבע שטים, — יעצט געהען מיר שוין שלאפען, דער זייגער איז שוין נאך איינס... בין איך מיעד, בין איך מיעד... נאר דאך שלאפען מיר היינט צוזאמען... אמת, עלא?... נאר זאלסט זיין רוהיג און זאלסט דיין קאפ נישט ארויפלעגען ביי מיר אויפ׳ן הארצען... דאס שטערט דאך דעם פרייען אטעמען...

עס האט א קרעכץ געגעבען דעם בויפיהרערס בעטעל, אזוי ווי א גאנץ שווערע משא וואלט דערויף געלעגט געווא־רען... און א צייט לאנג איז געווען שטיל.

באלד האט זיך אבער ווידער דערהערט:

— איז דיר נישט גוט צום ליעגען? נו, שא, שלאף איין, אט אזוי... עס איז דאך שוין האלב צוויי ביינאכט, איך דארף אויפשטעהן זעקס פריה... מאך מיר היינט נישט קיין שלאפלאזע נאכט, עלא!... נו? טא זעה... ווארף

דיך נישט ... האסט אזעלכע שארפע נעגעל! אך, ביסטו א שלעכטע!... נו? אזוי, נעדם מיך ארום — שלאף...

מאריע האט דערשפירט ווי דער גאנצער קערפער גליהט איהר, זי האט גישט געוואוסט, וואס צו טהון... עפעס א אונבעוואוסטע קראפט האט זי איפגעהויבען פון געלעגער, אזוי ווי זי וואלט מורא געקריגען דא אין נא־הנטע שכנות מיט זיי צו בלייבען. באלד איז זי געווען אין מיטען שטוב און מיט שטילע בארפיסע טרים אריין אין דער מוטערס שלאפ־צימער.

די מוטער איז פעסט געשלאפען. מאריע האט גע־קלערט, צי זאל זי איהר אויפוועקען, אדער נישט; ענד־ליך האט זי א רוף געטהון אין דער שטיל:

— מאמע, מאמע... —

— וואס איז?... — האט די אלטע געפרעגט איבער־וועקענדיג זיך.

— גארנישט, גארנישט ... דער בויפיהרער... — האט מאריע פערשטיקט ארויסגעזאגט.

— וואס דער בויפיהרער? — האט די אלטע, א דער־שראקענע, געפרעגט.

מאריע האט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— וואס דער בויפיהרער? זאג, וואס דער בויפיהרער, וואס האט ער געוואלט? איז ער אדורכגעגאנגען? זאג! — האט די אלטע געשריגען אין איין אטעם.

— גארנישט, שוין... לאז די מאמע אזוי נישט שרייען, ער קען זיך דאך נאך אויפכאפען.

— אבער וואס האט ער געוואלט יעצט אין האלבער נאכט, וואס דו ביסט ארוים נעבען מיר? — האט די אלטע נאך העכער געפרעגט.

— ער האט גארנישט געוואלט... נאר עמיצער איז ביי איהם אין צימער — האט מאריע געענטפערט, צי־טערנדיג.

— ציגד־אן א ליכט — האט די אלטע שטילער געזאגט

און איז אין איהרע ווייכע שמוב-פאנטאפעל שטילערהייד צוגע-גאנגען צום טיהר פון בויפיהרערס צימער און זיך איינגעהערט. אין א ווײלע ארום איז זי צוגעקומען און, אויסשפייענדיג פאר כעס, האט זי ארויסגעשעפטשעט:

— טפו זאל עס ווערען!... ווען מען לאזט אליין אריין אין שטוב... א שלאק א מענש פון דער גאנצער וועלט... געה דערקען איהם און ווייס וואס ער איז... צי א אינזשי-נער, אנ'אינטעליגענט, א סטודענט, אנ'עדעלער מאן!... און צום סוף שלעפט ער אריין אזעלכעס אין א פרעמדער שטוב אריין!... אין א פרעמד הויז אריין!...

— לאז די מאמע נישט אזוי הייך שרייען, — האט מאריע אונטערטעניג געבעטען.

— אוודאי,... — האט די אלטע נאך העכער אנגעהויבען — היינטיגע יונגעלייט... און דו זאגסט דאך, טאקסטער מיינע, אז זיי זענען נאך בעסער... און דו מיינסט, אז דער, וואס קומט אהער, דער מיט די שווארצע אויגען, וואס קומט צו דיר, טהוט נישט אזוי ווי ער?...

— מאמע, איך בעט דיך, בעליידיג איהם יעצט נישט, ער איז נישט אזעלכער און גלייך איהם נישט צו יעדען איינעם...

— זעה נאר, „צו יעדען איינעם"... יענער דארף דאך נאך שטודירען זעקס יאהר, אז ער זאל זיין אזוי ווי דער, אנ'אינזשינער א בויפיהרער! און פון דעסטוועגען... זאל איך ליגען זאגען: ער וועט ארומגעהן מיט דיר, ארומגעהן, און דערנאך...

מאריע האט פערביסען די ליפען און גארנישט געענטפערט. נאר די אלטע האט נישט אויפגעהערט. עס האט געגרוילט אויף טאג...

---

גאנץ פריה, ווען די אלטע האט א ברונז'ע אריינגעטרא-גען דעם בויפיהרער זיין קאווע מיט פוטער-ברויט, האט זי דערזעהן ווי פון הינטער דער קאלדרע אויפ'ן בויפיהרערס

בעטעל האט ארויסגעשטעקט א שענער שווארצער קאפ — פון זיין הינטעל, וואס האט מיט פערשלאפענע אויגען געקוקט אויפ'ן פוטער־ברויט אין געלעקט די ליפען...

— אויף, אויף, מיין שענע עלא, וועלען מיר עסען פרישטיק — האט דער בויפיהרער א זאג־געטהון צום הינטעל; און אויסדרעהענדיג זיך צו דער אלטער, האט ער געזאגט:

— ליידער, מ'ז איך שוין זיין אונצופרידען... פאר א זאלבע קולות נאך א האלבע נאכט, ווי איך האב דאס היינט געהערט, בעדאנק איך זעהר, נאר איך האב אבער קיין אב־זיכט דאס ווייטער צו הערען... דאס האב איך נישט ער־ווארטעט אין אזא אנשטענדיג הויז...

## א קאטאסטראפע.

פארנאכט, ביים ענדיגען די ארבייט אויף דער האנד־ראמע, פלעגען די גרויסע פראמען אויסגעשעפט ווערען פון דעם וואסער, וואס פלעגט זיך אין זיי אנזאמלען איבער'ן גאנצען טאג פון דער שווערקייט פון עטליכע צעהנדליג ארבייטער, וועלכע פלעגען ציהען דאס געשטראהל פון שטריק אויף דער האנד־ראמע. אין שפעטען הערבסט האבען די פראמען זיך ארומגעשלאגען פון זייער פעך און האבען נאך מעהר גענומען נעצען אזוי, אז ווען אין גרויען פריהמארגען פלעגען זיך צוזאמענקומען די ארבייטער, פלעגען זיי טרעפען די פראמען קוים ארויסשטעקען פון וואסער. דער קליינגעוויקסיגער „בוילייטער", וועלכער האט פערוואלטעט מיט אלעם און אלעם אויף דער בוישטעלע, האט דעריבער ארויסגעגעבען א בעפעהל אויף א גאנצע נאכט צו שעפען דאס וואסער פון די פראמען. און דאן איז ער, מיט'ן נאמען אראן, דורך עפעס א אונבעוואוסטע סיבה אויסגעקליבען געווארען פאר'ן פאליער איבער דער שעפ־קאלאניע.

געווען איז ער א מאגערע, נידעריגע, נאר א פלינקע בריאה, וואס פלעגט קלעטערן אויף די דינע שטריקלייטער און קריכן אויף דער דאמף-ראמע צום ריכטען די בלאקען.

ער פלעגט אומעטום אריינקוקען, וועלען אלץ אויסהארכען, אזוי, אז נישט איין מאל פלעגען זיי, די ראמען-ארבייטער, פער־רעכענען איהם א פאר א שפיאן און געבען נישט איין מאל אזא שטויס, אז ער פלעגט שיער נישט הענד און פיס צעברעכען, שפרינגענדיג פון איין ברעט אויף דער אנדערער אראב פון דער ראמע. נאר אין די שטילע שטונדען פון זונטאגרוהה פלעגט ער זיך פערקלויבען אין א ווינקעל, ארויסנעמען א בליישטיפט מיט א ביכעלע און שרייבען, וואס קיינער פלעגט נישט וויסען, וואס.

און יעצט, ווען ער איז געווארען „פאליער", פלעגט ער נאך האלבע נאכט, ווען ער איז שוין זיכער געוועזן, אז דאס קליינע בוי-אויפזעהער'ל וועט נישט קומען אופ'ן פראם, אנלע־גען א גרויס פייער און, איינהילענדיג זיך אין זיין שעפסענעם פעלצעל, צורעכט מאכען זיך אויף עפעס א געשטעל פון ברעטער און פלעגט שרייבען.

דא, ביים לעבעדיגען אבשיין פון פייער, פערשטעלט פון ווינד, פלעגען זיך שאפען שורות איינע נאך דער אנדערער אזוי, אז גאך אזא נאכט פלעגט אפטער פערשריבען זיין דאס גאנצע ביכעלע פון טאוועל ביז טאוועל. די ארבייטער פלעגען זיך איבער דעם לאכענדיג איבערוווינקען, צולעגען האלץ צום פייער און פאמעליך נעהמען אבשטעהן... דאס פייער פלעגט ווערען טונקעלער, און ווען אין דרויסען פלעגט נעהמען גרויען פלעגען אלע געשמאק כראפען, איינגעהילט אין די פעלצלעך...

אזוי איז אריבער דער ווינטער.

אין די לאנגע פראסטיגע נעכט האט בעוויזען א גאנצער הויפען ביכלעך ביי אראנ'ען פערפולט צו ווערען מיט קרומע שורות פון אונדייטליכע בוכשטאבען, געשריבען פון א פערפרוירענע האנד. נישט איינמאל פלעגט ער זיך אויפכאפען מיט פער־גליווערטע גלידער, ערשט דאן, ווען א פינגער אדער א יער פלעגט שוין זיין רעכט אנגעפרוירען. דערפאר אבער איז די־

ארבייט געשטיגען. ביסלעכווייז האבען זיך גענומען אויסשיילען די העלדען, זיך פונאנדערטיילען אין טיפען, געשטאלטען אין מיט א מעכטיגער קראפט פלעגען זיי איהם רופען צום ווייטער־דיגען שאפען, אין װעלכער ער איז אינגאנצען אריינגעצויגען געווארען. מיט פערגלאצטע אויגען פלעגט ער קוקען אין געצייג־קעסטעל פון דער „דאמפראמע", וואו ער האט בעהאלטען דעם גאנצען אוצר פון זיין שאפען, זוכענדיג ערגעץ וואו א מענשען, מיט וועמען זיך צו טיילען אדער איבעררעדען וועגען זיין גרויס ווערק, וואס פלעגט ביי איהם נישט איינמאל אויסוואקסען צו דער שטופע פון א געברויך. אזעלכען אבער האט ער דא נישט געפונען און אומזיסט פלעגט ער פרובען אויפוועקען דעם געשמאק ביי זיינע ראמע-ארבייטער, וועלכע פלעגען איהם אנקוקען מיט א מינע, ווי אין פערלעגענהייט.

אמאל אבער האט ער דאך געמוזט א רעד טהון מיט וועמען וועגען זיין „שאפען" — מיט וועמען עס זאל נישט זיין...

דאס מאל האט ער דאצו אויסגעקליבען דעם מעכאניק, א דייטש, אין מיטעל־עלטער, מיט א פאר גרויסע וואסער־קאלירטע אויגען.

ער האט איהם א פרעג געטהון:

— ווי זעהט עס אויס אייער דראמאטיש טעאטער אין בערלין?

— אין בערלין? — האט דער דייטש איבערגעפרעגט,

— איך בין פון בייערן; נאר ביי אונז איז ערשט א שען טעאטער,

— איך געה אמאל אום זונטאג נאך מיטאג, — און ווען דו קומסט אריין, וואלט דיר דער קאפ פערדרעהט: דארט טאנצען מיידלעך אויף די שטריק, דינערע ווי פון דער האנד־ראמע, און שפרינגען — פיו!...

דער דייטש האט געמאכט א זשעסט און אין התלהבות פערגלאצט מיט די וואסערדיגע אויגען.

אראן האט דערשפירט ווי עפעס האט איהם אינוועניג א שטויס געטהון ווי מיט א גראבע האנד, דאך האט ער ווייטער אנגעהויבען:

— אבער איך מיין דאס ד ר א מ א ט י ש ע, דארט, וואו עס שטעלט זיך פאר א דראמא, א טראגעדיע... האסטו גע־לייענט אמאל ווערטהער פון געטהע?

דער דייטש האט פערגלאצט די אויגען, וועלענדיג זיך דערמאהנען. ענדליך האט ער געענטפערט:

— ניין... אין דעם האב איך שוין קיין אהנונג נישט... דאס געהער שוין מיין ברודער, ער איז א שרייבער אין א צייטונג.

— א שרייבער אין א צייטונג? — האט אראן זיך אי־בערגעפרעגט, אויפהויבענדיג זיך פאר גרויס שמחה פון ארט.

— יא — האט דער דייטש געענטפערט — ער שרייבט אין צייטונג פון די פעראייניגטע ביער־ברויערייען.

אראן האט זיך גלייך צוריקגעזעצט... א געפיהל פון ענטטוישונג האט איהם אבגעשטויסען פון דעם מיט ביער דורכ־געזאפטען בעשעפעניש. ער האט אבגעריסען די אויגען און געקוקט אין דרויסען. אין דרויסען איז שוין געווען טונקעל. דער ערב־פריהלינג, וועלכער האט זיך אויסגעהאנגען אין גאנצע וואלקענס דאמף איבער'ן טייך, האט צעריסען זיין ווינטערדיגען אייזדעק און דאס וואסער האט געשטראמט שווארץ און מוטנע, טראגענדיג אויף זיך צעווארפענע טונקעלע אייזשטיקער און שנייי.

דער דייטש האט זיך גענקליבען אוועקצוגעהן פון זיין טאג־ארבייט. ער האט פעררויכערט זיין לעצטען ציגאר און, נאך א ווײַלע שטילשווייגען, האט ער אנגעהויבען:

— דא אויפ'ן בוג קומט דאס וואסער מיט אמאל יעצט פריהיאהר. פון נעכטען ביז היינט איז עס פיעל געשטיגען.

אראן האט צוגעשטימט, שאקלענדיג מיט'ן קאפ.

— דאס ווייזט דער שוים, וואס טראגט זיך ציזאמען מיט'ן פערבלאטיגטען אייז... — האט ער ווייטער גערעדט, — ווי שען איז די צייט אין בייערן!... —

ביידע האבען זיי זיך פערטראכט: דער דייטש פון דער

שענער צייט אין בייערן, אראן פון זיין גרויס ווערק, וואס קיינער קען איהם דא נישט פערשטעהן.

דער דייטש, וועמען קענטיג עס האט זיך געוואלט יעצט א ביסעל פלוידערן, האט באלד ווידער אנגעהויבען:

— דארט אין בייערן ווערט עס אבער אזוי נישט געארבייט. דער בוג איז גענוג שטראמיג און זיי בלויז זיכער, אז ווען עס קומט דער איבעראייז, פאנגען מיר די גאנצע בריק אויפסניי צו בויען... עס וועט קיין איין פאל נישט זיצען בלייבען... זיי זיכער, ווייל דו האסט נאך קיין בריקען־קאטאסטראפע נישט געזעהן...

דא האט זיך אנגעהויבען א רייהע בריקענבויערצעהלונגען פון דעם מאן פון בייערן, וועגען גליקליכע און אונגליקליכע צופאלען און געשעהענישען. אראן האט געשוויגען, טראכטענדיג אלץ וועגען זיין גרויס ווערק, וואס ליגט נישט ווייט אין מעכאניקס קעסטעל בעהאלטען. דער געדאנק אז אויסער דעם ווינקעל, וואו עס שמעקט מיט פעך און שטיינקוילען, עקזיסטירט נאך א גרויסע וועלט, וועלכע וועט איהם קענען פערשטעהן, וועט קענען אבשאצען דאס גרויסע ווערק זיינס, וואס ער האט אזוי לאנג אין פראסטיגע נעכט געשאפען — האט איהם געלויכטען, ווי א בעגלייטשטערן אין טונקעלן אווענד. ער האט דערשפירט, אז דאס גרויסע ווערק, וועלכעס איז בעהאלטען דארט אינ'ם געצייגקעסטעל, אז אט דאס איז דאס איינציגע, פאר וועלכעס ער האט דעם גאנצען ווינטער געליטען, און א זאנפטער שמייכעל האט זיך איבער זיין פנים צעגאסען.

טיילמאל איז ער אבער אויך ארייגגעריסען געווארען אינ'ם לויף פון מעכאניקס ערצעהלונגען. דאן האט ער בעשלאסען, אז ער, דער מאן פון בייערן, פערשטעהט די גרויסע ווירקונג פונ'ם „צופאל", אז ער דארף זיין דער בעסטער דא אויף דער בוישטעלע, וועלכער וועט איהם דאך ווי עס איז פערשטעהן און אפשר אבשאצען זיין גרויס ווערק.

ער דארף עס בלויז פערטייטשען, ערקלערן דעם אינהאלט...

ער האט אנגעהויבען, שארף דריקענדיג יעדעם ווארט.

— מיר מיינען, אז איבערהויפט איז אלץ אין בלינדען צופאל געווענדעט. דען די קראפט, וועלכע שאפט און רעגירט, האט אזא אונלאגישען זין, אז מיר קענען גארנישט צופאסען קיין שום סיסטעם דערצו... מיר זאגען, אלזא, „כאאס", — עס איז אבער פארט קיין כאאס... —

דער דייטש האט געוויכערט, שמייכלענדיג אונענטשלאסען און הילפלאז...

אראן האט ווייטער גערעדט:

— דערוויף בוי איך מיין ווערק... צוטיילט דורך קלאסען-אונטערשיעד, האט איטליכער בעזונדער זיין טראגעדיע. עס עקזיסטירען, אלזא, פערשידענע טראגעדיעס, וועלכע לאזען זיך, אזוי צו זאגען, קלאסיפיצירען. גלייכצייטיג זענען אבער דא פראבלעמען, וועלכע נעהמען ארום אלע קרייזען און אלץ וואס דענקט, זיי וואקסען אבער אויס צו דער טראגעדיעשטופע בלויז ביי א געוויסען קלאס און דאס איז די טראגעדיע פונ'ם אייביגען זוכען פון דעם אלמעכטיגען יושר און קראפט... —

דער דייטש האט געמאכט א מינע, ווי ער וואלט שוין עפעם פערשטאנען.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז דער קלאס קען נישט זיין מיר, פראלעטאריער. ביי אונז איז דאס בלויז — פראבלעם, אונזער טראגעדיע איז — ברויט!... ביי זיי אבער איז עס גאנץ אנדערש... און דא טרעפען זיך די צוויי קלאסען מיט זייערע צוויי בעזונדערע טראגעדיעס...

— יא, יא... — האט דער דייטש צופרידען ארויסגעזאגט

— אימער דאס פרעסען, אימער דאס פרעסען — דאס איז די הויפטזאך... מיר, פראלעטאריער... מען האט מיר נעבטען אויך מיין זונטאגנאכמיטטאג פון ווארשט נישט געגעבען...

אראן האט זיך צעלאכט... הילפלאז האט ער א מאך געטהון מיט די אקסלען און פון גרוים פערדרום, אויף וואס פאר אנ'ארט דער דייטש פערשטעהט איהם, האט ער אנגעהויבען

קלאפען מיט א שווערען האמער אין דאס אייזערנע געפלעכט פון דער ראמעוואנד.

דער דייטש האט מיטגעלאכט...

דאס געשפרעך איז געווען געענדיגט. דער דייטש האט ארויפגעצויגען זיין ווייס פעלצעל און איז ארוים אויפ'ן פראם.

— צוויי מיט א האלב פוס וואסער געהעכערט אין צוועלף שטונדען! — האט ער א געשריי געטהון צו ארונטען אין בודע אריין.

— פארזיכטיג!

ער איז פערשוואונדען.

אין דרויסען איז געווען שוין גוט פינסטער. א צייט לאנג איז אראן געבליבען אויף זיין ארט, איינהערענדיג זיך צום ווילדען פייפען פון ווינד איבער דעם געפלעכט פון לייטערס און קייטען הויך אויף דער ראמע. דאס אלץ, וואס האט נישט לאנג אזוי גערייצט זיין פאנטאזיע מיט דער ווילדער קראפט זיינער, האט זיך איהם יעצט אויסגעוויזען איינארטיג און גרוי. אין דער פינסטערקייט פון דער ראמענבודע האט ער יעצט דערפיהלט דאס ענגקייט, דאס געדאמף פון איבערגעברענטען בוימעל און עס האט איהם געשטויסען פון דאנען, וואוהין ער האט קלאר נישט געוואוסט. ער האט געקלערט, אז נישט דא דארף ער בלייבען, אז נישט דא איז זיין ארט, נאר דארט, אין דער גרויסער וועלט, און ער האט דערשפירט יענע איינינקייט, וועלכע בעהעפט דעם קינסטלער מיט זיין ווערק אין איין גאנצעס, אהן וועלכעם ער קען מעהר נישט עקזיסטירען. אט קומט נאכ'ן שווערען ווינטער דער פריהלינג, דער פריהלינג, אויף וועלכען ער האט אזוי לאנג געהאפט און וועלכער וועט אהן צווייפעל איהם ברענגען דערצו, צו וואס ער ציעלט און ער האט זיך פארגעשטעלט, ווי זיין ווערק איז אנערקענט, זיין נאמען בעוואוסט: אנ'ארבייטער-פאעט, אנ'ארבייטער-דראמאטורג, אנ'ארבייטער-דענקער!...

ער איז ארוים אויפ'ן פראם.

דא האבען זיך שוין געהאט אנגעזאמעלט די ארבייטער

צו דער נאכט=ארבייט. די לעצטע האבען צעלייגט א ברייט פייער און אויפגעטויט די פאמפען.

באלד האט זיך אנגעהויבען די נאכט=ארבייט, א מאנאטאנע קלאפעריי פון פאמפען, א נורנע און אנ'איינארטיגע. אראן האט ארויפגעצויגען זיין פעלצעל און איז אויף א צייט לאנג שטעהן געבליבען, איינהערענדיג זיך צום פוילען קלאפעריי און צום גיסען פון וואסער, אזוי ווי פון פאנטאסטישע חיה=מיילער, און צום ווינד, וואס האט אהן אויפהער געפייפט איבער דער ראמע. דאס ברענענדע פייער אויפ'ן פראם האט זיך געשטארקט, נאר ארום האט זיך פערשפרייט אזא פינ=סטערניש, אז עס האט אויסגעזעהן, ווי א געדיכטע שווארצע משא וואלט גערוהט, זיך אנשפארענדיג אן די בארטען פון פראם.

ער האט בעקוקט דעם וואסער=מעסטער.

דאס וואסער האט ריעזיג=שנעל געשטיגען, בעוועגענדיג זיך ברויזענד אין ווירבעל פון ווינד. עס איז געווען איינע פון די שטורמדיגסטע פאר=פריהלינג=נעכט. דאס וואסער האט הילכיג געברויזט אין די פראם=קאנטען און זיך געשניטען אין די שארפע נעז פון די שיפלעך.

אראן האט זיך איינגעהערט צו די פערשיעדענע טענער, וואס האבען זיך געטראגען פון דער פינסטערניש און זענען געווען עהנליך צו אבגעריסענע קרעכצען, וואס האבען זיך פערבייגעטראגען און צוריק פערפאלען געווארען אין דער שווארצ=קייט... מיט ווילדע פייפערייען האבען זיך די ווינדען דורך דאס אייזען=געפלעכט געשניטען, געוויינט, אדער ווי ווייטע דונערן אבגעהילכט אין דער פינסטערניש.

אזוי זענען אריבער שעה'ן.

פלוצלונג האבען זיך דערזעהן בעלויכטענע ראנדען פון אייז=הויפענס. פון דער פינסטערניש האבען זיי, לאכענדיג, ארויסגעקוקט און געגלאנצט אינ'ם ליכטיגקייט, וואס דאס פראם=פייער האט זיי צוגעשיקט.

אראן האט באלד דערקאנט די געפאהר. א הויכע אייז=וואנד

האט זיך יעצט אנגעזאַמעלט פונ'ם אויבער־אייז, וועלכע האט זיך געשטיצט אין די שוואכע פיליארען פון דער נויט־בריק, פערהאַלטענדיג די גאנצע מאסע בוג־וואסער אונטער זיך. ערגעץ־וואו האָט אַ רויש געטהון און אָבגעגעבען וואו אנ'אונ־טערערדישען קלאפּ און פון אַלע זייטען האָבען אבגעהילכט קלענערע און גרעסערע איינברוכען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי עפעס אַ ווילדע קראפט וואלט פּלוצלונג אין דער נאכט־פינסטערניש געבוירען געוואָרען און מעכטיג האבען זיך אייז־שטיקער איינס אן אנדערן געריבען.

עס איז געווארען אַ טומעל.

— אין די שיפלעך! — האָט אראָן א קאמאַנדעווע גע־געבען צו די איינגעשלאָפענע ארבייטער, און, שפרינגענדיג איבער די ברעטער פון פראם־ריסטונג, האָט ער געאיילט צום געצייג־קעסטעל.

נאר דא האט זיך די אייז־וואנד איינגעבראָכען. די שוואכע פיליארען און די „אייז־שניידער" האבען דעם דרוק נישט אויסגעהאַלטען און די גאנצע מאסע אייז האט זיך אַ שטורם געטהון אויף די פראמען און דאמף־ראמע.

עפעס אונבעוואוסטע הענד האָבען איהם ארומגעכאפּט און אריינגעשטויסען אין אַ שיפעל...

— לאָזט מיך!... צו מיין ווערק! — האָט ער ווילד געשריגען.

עס איז שוין געוועזן צו שפעט. הויכע אייז־הויפענם האבען מיט'ן גאַנצען אימפעט זיך אנגעשטויסען אין דער דאמף־ראמע, מיט אַ הילכיג גערויש האָבען זיך די פיליארען פון דער נויט־בריק געבראכען און די ראמע איז מיט אַמאָל אראב!

באלד האבען זיך איבערגעקעהרט די פראמען. דאס ברענענדע פייער האט זיך צעשאטען איבער די אייזשטיקער און אלץ האט ארומגעכאפּט א געדיכט פינסטערניש, פון וואנען עס האט זיך א גערויש, ווי פון ווייטע דונערן, געטראגען.

מיט שטורעמדיגע כחות האט זיך יעצט דא אלץ געבראכען, געריסען און געזונקען... און איבער אלעם האט דער ווינד געפייפט, דערטראגענדיג צייטענווייז פון ברעג פערצווייפעלטע ווידער־קולות:

— מיינע ווערק... מיינע ווערק!...



## פריהלינג.

ענדליך איז אַריבער דער לאַנגער ווינטער און דער פריהלינג איז געקומען. ברייט האָט ער זיך צעלעגט איבער די פעלדער און לאָנקעס ארום, פון וואַנען ער פלעגט זיך פון צייט־צו־צייט אַריינרייסען אויך אַהער, צווישען אייזען און שטאָהל און טויבענדען גערויש פון דער בוישטעלע. צווישען גערוך פון פעך און קוילען פלעגט ער זיך אריינרייסען מיט אַ ווינטעל, ווי אנ'אָנזאָג פון בעסערע און שענערע צייטען. די אַרבייטער האָבען אַראָבגעוואָרפען די האלב־פערפוילטע פעלצלעך און די גרויסע שווערע שטיוועל, בלייבענדיג בלויז אין די שוואַרצע אויבערהעמדלעך. אויך די ריזיגע מאַשינען, די הויכע „דאַמף־ראַמע“ מיט די שווערע קייטען און דראהט־זיילען האָבען זיך ווי אויפגעפרישט און שטאָלץ זיך געשניטען אין דעם הויכען בלויען הימעל אריין.

ברייט און גרוים האָט זיך אויך דאָס בוג־וואַסער צעגאָסען, שווענקענדיג די הויכע ליים־ברעגען פון איין זייט און פערניסענדיג די פלאַכע לאָנקעס פון דער צווייטער זייט, ווייט, ווייט, ווי דאס אויג קען נאר זעהן.

שטראָמען מוטנע וואסער האָבען זיך מיט אימפעט פון אַלע זייטען געטראגען, מיטשווענקענדיג די ליימיגע ברעגעס, פון וואס דער בוג האָט בעקומען אַ העל-ברוינעם קאָליר.

בלויז וואו-נישט-וואו האָט זיך אַ טונקעל-ברודיג אייז-שטיק נאך געהאַלטען מיט די לעצטע כוחות אין אַ אָבגעריסענע ברעג-וואַנד, חאוהין די זון האָט נאָך נישט דערגרייכט.

די אַרבייט האָט ווי אויפגעוואַכט.

הויך האָבען זיך צוקלונגען די האַמערס אין פערשידענע ערטער און זיך צוזאַמענגעמאָסען מיט'ן גערויש און גערודער פון דער אַרומיגער אַרבייט, טאקטיש און זיכער האָבען געקלאַפט די „האַנד־ראמען", בעגלייט פון מאָנאָטאָנעם געזאַנג פון די אַרבייטער, וועלכעם האָט אָבער אויסגעזעהן יעצט פריש און קראַפט-פול:

„דאַלי, כלאָפצי, דאַלי זשיוואָ,

בענדזשע וואודקאַ, בענדזשע פּיוואָ!"—

האָט אָבגעקלונגען איבער'ן ווייטען בוג־אויסגוס ווי אַ פרייהייטס־ליעד... אפילו דאס קליין זעלנערל, דער „בוי-לייטער", וואָס איז שטענדיג געווען ביי'ז, ווי זיין הונד, האָט היינט פרעהליך געשטעלט זיינע דיקע פיסלעך איבער דער בוישטעלע און צופרידען דרעהענ־דיג זיינע העלע קליינע וואָנסעלעך, האָט ער געגלעט דעם הונד און געריסען איהם פאַר די אויערן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, וואַרפענדיג בליקען פון זיינע בלויע אויגעלעך אַרום און א צופרי־דענער שמייכעל האָט זיך צעגאָסען אויף זיין אויסגעפעטס געזיכט.

– אהער, גרינשטיין!-האָט ער מיט'ן גאַנצען האַלז אַ געשריי געטהון און האָט זיך ווידער צעשמייכעלט, רייסענדיג דעם הונד פאַר די אויערן.

פון דער צווייטער זייט בריק, פון אַ בודע האָט זיך ארויסגע־רוקט אַ געשטאַלט, וואס האט זיך מיט אונזיכערע טריט דערנעהע־טערט צום זעלנערל.

–– יאַ וואָהל, העך לאַמאן!––האָט דער צוגעקומענער גע־זאָגט אויף דייטש, אויסציהענדיג זיך ווי אַ זעלנער.

דאָס זעלנערל האָט פון גרויס שמחה אַ שאָט-געגעבען מיט א מויל פון די זעלטענסטע דייטשע זידעל-ווערטער און געהייסען

ברענגען די פראמען, וואָס זענען פֿערשטעקט געווען ערגעץ אויפ׳ן ווינטער.

דער צוגעקומענער האָט זיך באַלד אָבגעטראָגען און צום זעלנערל האָט זיך צוגערוקט דער בוי-פֿיהרער. דער לעצטער האָט זיך אַ צופֿרידענער געקראַצט אין שלייף און ענדליך אַרויסגעזאָגט:

— אין פֿריהלינג געהט עס גאנץ אַנדערש. —

— איך האָב געשיקט נאָך די פראמען — האָט דאָס זעלנערל געזאָגט אַזוי ווי נישט הערענדיג, וואָס דער בוי-פֿיהרער רעדט.

— ווי שטעהן זיי דען? — האָט דער בוי-פֿיהרער פֿערוואונ-דערט געפֿרעגט.

— מיט אַזעלכע בוי-פֿיהרערס, ווי זיי, הער שניידער, קען מען אין פֿריהלינג חזירים-בראַטען עסען!..— האָט מיט׳ן גאַנצען מויל אַ זאָג געטהון דאָס זעלנערל און, לאַכענדיג, איז ער שנעל מיט׳ן הונד אַנטלאָפֿען.

דער בוי-פֿיהרער האָט זיך אָבער דערפֿון גאָרנישט געמאַכט. קענטיג, ער איז שוין געווען צוגעוועהנט צו די ווערטער פון ים-זעל-נערל דעם „בוי-לייטער". ער האָט געקוקט ווי די אַרבייט געהט פאָראויס מיט ריזיגע טריט און האָט אויסגערעכענט, אז באַלד וועט מען קענען אַריבערוואַרפֿען אַ „ריסטונג" ביז אויפ׳ן צווייטען ברעג אַריבער. עס האָט אָנגעהויבען טונקלען, די זון, וואָס האָט אַ גאַנ-צען טאָג גוט געוואַרעמט, האָט זיך געהאַט אַראָבגעלאָזען און דער ווייטער האָריזאָנט האָט אין גאַנצען געגליעט. צוזאַמען האָט אויך געברענט דאָס גאַנצע בוג-וואַסער ווי אַ ים פֿון קאַרמין-פֿאַרבען.

אַ בלייכער לייכטער טוי האָט זיך ערטערווייז אויפֿגעהויבען, בלייבענדיג הענגען איבער דער שטראָמענדער טיפֿעניש אונבעוועגט. ביסלעכווייז האָט דאָס געהויש און קלאַפּעריי פֿון גאַנצען טאָג גע-נומען שוואַכער ווערען און אין לופֿטען האָט זיך דערשפּירט, ווי אַ יום-טוב, אַ יום-טוב פון ערשטען פֿריהלינג-אָווענד...

באַלד האָט זיך צעקלונגען דער אָוונער-גלאָק.

די אַרבייטער האָבען געוואָרפֿען די אַרבייט און רוישיג זיך געלאָזען איבער די ריסטונגען צום ברעג. הילכיגע קולות, בעגלייט פון אַ קלינגענדיג לאַכען, האָבען די גאַנצע לופֿט פֿערפֿילט. אַלץ

האָט געשפּירט די זיסע אָווענד-שטונדע, וואָס האָט זיך אין די ברייטע בלויע הימלען איבער'ן אָווענד צעגאָסען, און ווייט האָט אָבגעשלאָגען דאָס הילכיגע רווישען איבער דעם ווייטען ברייטען בוג-אויסגום.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט עפּעס ווי אַ פּאַל אין וואַסער, און באַלד האָט אַ גאַנצע רייהע צוזאַמענגעשלאָגענע ברעטער זיך אָבגעריסען פון אַ ריסטונג און איינס נאָכ'ן אַנדער'ן זיך געשאָטען אין וואַסער.

דאָס געהויש איז געוואָרען גרעסער. פּלוצלונג האָט זיך דאָס קלינגענדע געלעכטער אין צוזאַמענגעגאָסענע איבערגעשראָקענע קולות געביטען. און באַלד האָבען זיך דערזעהען אַרויסגעשטעקטע מענשען-קעפּ, שווימענדיג מיט'ן וואַסער-שטראָם. ראַנגלענדיג האָבען זיי זיך געטראָגען, האַלטענדיג זיך ווער איינער אויפ'ן צווייטען, ווער אין די שווימענדע ברעטער.

– העלפט, העלפט, מיר טרינקען זיך!—האָבען צעהנדליגער קולות געשריגען. דאָ האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז די בוי-שטע־לע איז אין איין שיפּעל געבליבען... דאָס קליינע זעלנערל האָט אַלע שיפלעך אַוועקגעשיקט נאָך די גרויסע פּראַמען.

עס איז געוואָרען אַ טומעל. אַלע האָבען זיך געוואָרפען איבער'ן ברעג, זוכענדיג וואו אַ שיפעל—אָבער אומזיסט... איניגע האָבען זיך אַ וואָרף געטהון אין טייך אריין, פּראָבירענדיג צו שווימען; נאָר זיי האָבען זיך געמוזט שנעל צוריקציהען, בליי־בענדיג מיט פערגליווערטע אברים פון קאַלטען וואַסער. עס איז געבליבען בלויז צו קוקען, ווי די העלען אָהן הילף דערטרונקען ווערען... די שוואַכע האָבען דעריבער מיט די הענד זיך די אויגען פערשטעלט, אין הילפלאָזער פערלעגענהייט האָבען די קריסטען פרום געקניהט און זיך גע'צלמ'ט פאַר די נשמות פון די טרינ־קענדע און די יודען האָבען אין פערצווייפלונג געבראָכען די הענד.

-- ראַטעוועט אונז, ראַטעוועט!..—האָבען די טרינקענדע אָהן אויפהער גערופען...

דער אָווענד-גלאָק האָט בלויז אויף אַלאַרם געקלונגען, שיי־קענדיג זיין מאַכטלאָזען ענטפער.

מאַכטלאָז האָט זיך די גאַנצע מאַסע אַרבייטער נאָכגערוקט אויפ׳ן ברעג נאָך די טרינקענדע, שרייענדיג, זיי זאָלען זיך האַלטען... און האָבען אין פעצווייפלונג געבראָכען די הענד און גרויס געעפענט די אויגען... און זיי האָט דאָס וואַסער געטראָגען...

איינציגווייז האָבען זיי זיך אַראָבגעלאָזט, אַרויפקומענדיג ווי־דער צוריק... אין גוסס׳דיגען ראַנגלען זיך האָט ווער זיך אַרויפגעכאַפט רייטענדיג אויפ׳ן צווייטען און באַלד ווידער אַראָב...

א שטילקייט האָג אַרומגעכאַפט... אַ שטילקייט פון טיעפער פערצווייפלונג, וואָס האָט פערכאַפט דעם אָטעם... בלויז וואָס דער גלאָק האָט האָפנונגסלאָז אין טונקעלען פריהלינגס־אָוועגד אויף אַלאַרם געקלונגען.



# מאריא.

ער איז געווען דער ערשטער מעכניקער ביים גרויסען ברי-
קען-בוי איבער'ן מעריב-בת, און ווען ער איז ענדליך נאך א לאנגע
צייט דינסט אהיים געקומען—האט זי, די קליינע ליזאַ, זיין געזעצ-
ליך ווייב, פערוואָרפען איהם אויף איהרע דאַרע קלאָרע הענדט-
לעך, שטיף איהם דריקענדיג איבער זיינע ברייטע אַקסלען. ער
ער האט מיט אַ פערטראַכטען בליק בעוואָרפען דאָס וואוינונג זי-
ערם. אַלץ איז דאָ געווען דאָסזעלבע: דיזעלבע באָרדאָ-טונקעלע
ווענד פון שלאָף-צימער, וואו עס האט געשמעקט אַלץ מיט די-
זעלבע סובטעלע פערפום-ריחות; דיזעלבע שווערע נידעריגע בע-
טען, בילדער און אַלערהאַנד קאָמפאָרט-זאַכען, וואָס האָבען פון יע-
דען ווינקעל אַרויסגעקוקט, דערזעלבער גרינליכער סאַלאָן מיט דער
ברייט אויסגעשטעלטער פיאַנינאָ, ווידער בילדער, טעפּיכער, בראָנז
און שפּיגעל—אַלץ, וואָס האט זייער וואוינונג אין אַ גליקליכע מענ-
שען-נעסט פערוואַנדעלט.

און יעצט איז ער געזעסען אויף אַ הייכען טאַבורעט נישט
ווייט פון איהר, פון דער קליינער ליזאַ. עס איז געווען אָוונד. אין

זייער קליינעם סאַלאָן איז געווען וואַרעם און אויף העל-גרין בעלויכטען פון עלעקטרישע לעמפלעך אונטער אַבאַזשורען. אין אַ לייכטען ראָזען קליידעל איז זי, די קליינע ליזאַ, יעצט מעהר עהנליך געווען צו אַ טראָפּישען פויגעל; איהרע האָהר זענען געווען אין אונאָרדנונג צעהאָ־זען, דאָס קעפּעל חייט פעריסען און מיט די דיקע פינגערלעך האָט זי לאַנגזאַם עפּעס אויסגעפּיקט אויף דער פּיאַנינאָ.

אַ מינוט האָט ער געקוקט אויף איהר און... חי פרעמד ער פיהלט זיך דאָ צווישען די סאַמעט-חייבקייט און פערפום-גערוך!..—

„עס האָט מיך די לאַנגע צייט צווישען שטאָהל- און אייזען-קלאַנג קענטיג פאַר זיך געוואונען...“—האָט ער אַ טראַכט געטהון, און פרעמד האָבען איהם נעקלונגען די אַזוי זיסע טענער פון דער פּיאַנינאָ, צעווינט פון איהרע צאַרטע פינגערלעך... פרעמד, אַפילו די שאלענדרע אַקאָרדען האָבען זיך נישט געלאָזט צופּאַסען פאַר זיין אויער. וועלכער איז קענטיג שוין בלויז געוואוינט געווען צום רוישיגען הוליען פון ווינדען איבער'ן ברייטען בוג-אויסגוס... און עס זענען אַריבער טעג, און לאַנג, לאַנג פלעגט ער זיך פערטראַכטען, קוקענדיג אויף די צאַרטע פינגערלעך פון זיין ווייב, די קליינע ליזאַ, ווי זיי פלעגען בלאָנדזשען איבער דער ביינערנער קלאַוויאַטור... ער האָט געטראַכט, אַז אַלעס האָט דאָ ווי פערלוירען זיין אַמאָליגעס, אַז אפילו איהרע קליינע דיקע הענטלעך, וואָס פיקען אויס אַזוי שען מאָצאַרט'ס סאָנאַטען, זעהען איהם אַזוי פרעמדליך אויס, אַזוי קאַלט... און צעווינגען זיך די סאָנאַטען-טענער—טרעט באַלד אַרום ווי פון נעדאַנקען-נעבעל דאָס נאָר-וואָס פערשוואונדענע, פערגאַנגענע... און עס ציהען זיך די ברייטע הויכע בוג-ברעגעס מיט די אָבגעריסענע לייהם-ווענד; די גרויסע בריק מיט איהר האַמער-קלאַנג און קוילען-גערוך; טעג אין אַרבייט און נעכט... און פון נעבעל שיילט זיך אַרויס אַ קליין שען געשטאַלט—מאַריאַ. גרויע אויגען, שלאַנק, ווי אַ יונגע בעראָזע, ערשיינט זי אין די בוג-נעבלען אויף דער „דאַמף-ראַמע“, אָדער אין זיין איינזאַמען שטיבעל אויפ'ן ברעג...

— זיגמונט, וואָס האָסטו זיך אַזוי פערטראַכט?--פרעגט איהם

נישט איינמאָל די קלײנע ליזאַ, אָנהעגנענדיג זיך אויף זיין אַקסעל..
— פון דיינע סאָנאטען, מיין קליינע ליזאַ,—ענטפערט ער איהר און קוקט אויף דער וואַנד מיט שטאַר־געעפענטע אויגען...
און זי, די קליינע ליזאַ, בלייבט צופריעדען... און פרעגט נאָך אַמאָל:
— נאָך דיר שפּיעלען?—
איהר פראַגע קלינגט דאַן מיט אַזוי פיעל צוטרויען, און איהם זיגמונט'ן, טהוט עפּעס דאַן טיעף באַנג... און ער וואָלט איהר גע־וואָלט אַלעס, אַלעס אויסזאָגען, נאָר ער ענטפערט בלויז קורץ:
— יאָ...
און זי שפּיעלט... און אונטער די שאַלענדע אַקאָרדען שפּריי־טען זיך ווידער די בוג-נעבלען אוים און פון זייער אינוועניג שיילען זיך ווידער אויס ערינערונגען, ערינערונגען... „זי פלעגט קומען צו איהם אין שטיבעל-אַריין, און ווי דער פריהלינג פלעגט הויכען פון איהר שלאַנק עלאַסטיש פיגור'ל״—ציהען זיך געדאַנקען פון טע־נער צעווינטע—„ווי אַ קינד פלעגט זי אַרומטאַנצען אין אַלע ווינ־קעלעך, אָנפיהלענדיג דאָס שטיבעל מיט איהר זילבערן געלעכטער'ל און שטיפעריש קריכען איהם אויף דער קניה״. „איהרע אויגען פלעגען זיך דאַן אָנצינדען און ברענען מיט העלע פונקען אין דער דעמערונג פון אָווענד. זי פלעגט פערוואַרפען איהרע שלאַנקע אָרעמס אַרום זיין האַלז און שטייף, שטייף איהם דריקען און ער פלעגט דאַן פיהלען די יוגענד־קראַפט, וואָס האָט פון איהר גע־שטראָמט... זי פלעגט צעוואַרפען איהרע לאַנגע צעפ, צעפלעכטען זיי און לאָזען איהם אויפשפּיליען איהר דין בלוזקעלע...״
נאָר פלוצלונג ווערט אַלעס פערשוואונדען...
און ווידער הערט ער גיסען זיך קלאַנגען, זיסע, טרויעריגע.
פון נעבעל רוקט זיך יעצט אַרויס אַ פערצוויפעלט פנים'ל פון איהר, פון מאַריאַ'ן. ער דערמאָנט זיך אַ נאַכט, אַ ינסטערע הערבסט־נאַכט, אין דרויסען וויינט דער ווינד און ער, זיגמונט, נעהט—נאָר וואוהין?.. און אָט איז ער נעבען מאַריאַ'ס שטיבעל. פון אינוועניג הערען זיך עפּעס אַזעלכע אומעטיג־זיסע טענער, וועלכע דער ווינד פערטראָגט באַלד ערגיץ אין דער פינסטער אי־

בער'ן וואַסער... ער לעגט צו דאָס אויער צום טיר און אָט דער־הערט ער איהר, מאַריאַ'ס קול:

— אונטער דיין שוץ ציהען מיר, הייליגע גאָט'ס געווינערין. אונזער געבעט זאָלסטו ניט אָבוואַרפען, נור פון אַלעס בייזען בעוויליג אונז אָבהיטען, אָ, מאַריאַ, הייליג פרייליין! דאַן האָט אַשטיל פערשטיקט געוויין געקוועלט פון דער נאַכט־פינסטערניש און ער האָט ווייטער געהערט:

— מאַריאַ, אין זאַנפטע מינוטען האָב איך פערגעסען אין דיר!.. איך האָב פערגעסען און האָב מיין מיידעלשע אונשולד פאַר אַ מענשען געשענקט... מאַריאַ, נור די שטילע נעכט און די הייליגע מוטער ווייסט פון מיין סוד... הייליגע פרייליין! נור דו אַליין ווייסט, ווי איך האָב איהם געליעבט, געליעבט מיט מיין גאַנצען האַרצען, און אַז אין דער נאַכט, ווען איך האָב אין דיר פערגעסען, האָב איך איהם דאָס ערדישע גליק געשענקט... מאַריאַ! נעהם דעריבער צו דאָס אומגליק, וואָס דאַרף אויף מיר קומען... איך חיים מיין זינד, נור דו, אָ, ערבאַרעמדיגע, זיי מוחל, זיי מוחל, איך בעט ביי דיר קניהענדיג, אָי, גאָט'ס מוטער!" דאַן האָט ער געעפענט די טיר.

אַ ליבע וואַרעמקייט האָט איהם אַרומגענומען. אין שטיבעל איז געווען האַלב־דונקעל פון דעם געלב פלעטעלע, וואָס האָט גע־צאַנקט אין ווינקעל דאָרט, וואו עס איז געהאָנגען דאָס בילד פון גאָטס מוטער, אין גאָלד געפאַסט און נעבען וועלכען עס האָט גע־קניהט דאָס קליינע געשטאַלט פון מאַריאַ'ן.

— מאַריאַ,—האָט ער איהר געזאָגט, צוגעהענדיג.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— זיגמונט?..—

מעהר האָט זי נישט אויסגערעדט.

— דו בעטסט, מאַריאַ?—האָט ער איהר שטיל געפרעגט

— אין דער ערשטער פערצווייפלונג...—האָט זי דורך טרעהרען געשמייכעלט... — — — — — — — — — — — — — —

און ווייטער געהען נרויע טעג און פינסטערע נעכט, בעגלייט פון אַ פערצווייפעלטען האַרץ־קלאַפּען... טרעהרען—אָבער נישט

פון חרטה...

און דאָ פערמישט זיך ווידער אַלעס און פון נעבעל שפרייט זיך אוים אַ גרויס גרוי פעלד, איבער וועלכען עס זעהט זיך אַ שטי־לע קליינע לויה, אפילו אָהן אַ גלח... פאַראוים געהט אַן׳אַלטער מיט אַ געלבליך־פערקנייטשט פנים. אין די דאַרע ציטערדיגע הענד טראָגט ער אַן׳אַלטען שוואַרצען „קיר״*) דער ווינד רייסט אונ־ברחמנות׳דיג, שויבערט די גרויע האָר פון אַלטענס קאָפּ, שלעפּט און פליקט די גרויע איינהילעכטס פונ׳ם הייפעל ווייבער און שמייסט מיט אַ דין קאַלט רעגענדעל.

דאָס טראָגט מען איהר—מאַריאַ׳ן...

און ער געהט פון ווייטענס, קוקט ווי דאָס הייפעל דונקעלט זיך אין גרויקייט, קוקט... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —.

דאָ האָבען זיך די טענער איבערגעריסען.

די קליינע ליזאַ האָט אַ מידע פערוואָרפען איהר קעפעל אויפ׳ן סאַמעט־געבעטען פאָרענץ פון אַ זייטיגען פאָטעל און זיך פערטראַכט. באַלד האָט זי זיך אָבער אומגעדרעהט און אַ זאָג געטהון:

— זיגמונט, דו זאָגסט גאָרנישט איבער מיין לעצטער סאָ־נאַטע? דו ביזט שטענדיג ביים שפּיעלען אַזוי פערטראַכט, אַזוי ווי דו וואָלסט געווען פערליבט... זאָג, אין וועמען?..—

זיגמונט האָט נישט געענטפערט. ער האָט בלויז אַ קוק גע־טהון אויף איהר קליין בעלויכטען פנים׳ל, אויף וועלכען עס האָ־בען זיך געראָטעלט פאַרבען פון אָנשטרענגונג און מיט אַ בעטענ־דען קול אַ זאָג געטהון:

-- ליזאַ, שפּיעל יעצט... דעם „טרויער־מאַרש" פון שאָפּען...

-- דעם „טרויער־מאַרש" פון שאָפּען?—האָט זיך ליזאַ פער־וואונדערט—אַך אַך, דו האָסט אַ געליבטע און זי איז געשטאָרבען?—אָ, דאָס איז ראָמאַנטיש!..—

אַ ווײלע איז ער זיצען געבליבען אונבעוועגט. ער האָט גע-

*) אַ שוואַרצע באַהן, וועלכע מען טראָגט פאַר דער טרומנע פון טויטען.

קלערט, צי האט זי דאס צופעליג ארויסגעזאגט יעצט דאס, וואס איהם האט אין דער ווירקליכקייט אזוי געריסען, אדער — זי ווייס פון אלעס... נאר באלד האט ער א זאג געטהון:

— לאז זיין אזוי... נאר שפיעל... —

ער האט פערדרעהט די עטליכע עלעקטרישע לעמפלעך, וואס האבען אונטער די גרינע אבאזשורען געברענט, לאזענדיג בלויז דאס ליכט אין פיאנינא-לייכטער.

זי האט אנגעהויבען.

אומעטיג האבען זיך די אקארדען געצויגען, איבערגעהענדיג אין שנעלע שפרינגענדיגע קלאנגען און אנפילענדיג מיט זיך דעם קליינעם סאלאן. זי האט געשפיעלט, פערווארפענדיג איהר קליין בעלויכטען קעפעל אויף הינטען, שנעל דורכקלויבענדיג די טענער מיט וואונדערבארער טעכניק... און ווידער האבען זיך פאר איהם, פאר זיגמונט'ן, די גרויע פעלדער ארויסגערוקט, איבער וועלכע עס האט געוועהעט דער שווארצער „קיר" אין מיטען פון הויפעל ווייבער און דער חינד האט געוואיעט, צוזאמענגיסענדיג זיך מיט די טענער פו דער פיאנינא אין איין לאנגער טרויריגער נאטע.

— מאריא, מאריא... — — — — — — — — — — —

---

אין דעמזעלבען אווענד האט ליזא געזוכט אין שרייבטישעל און ארויסגענומען פון דארט א קליין בילדעל, פון וועלכען א יונג שלאנק מיידעל האט ארויבגעקוקט.

„פאר'ן ליעבען זיגמונט" איז געוועזען א קוים-מערקבארע אויפ-שריפט אויף דער צווייטער זייט.

—ארעם מיידעל—האט זי געזאגט, בעטראכטענדיג דאס בילדעל.

זי האט געקוקט אויף מאריא'ס קינדיש פנים'ל מיט די גרויע גרויס-געעפענטע אויגען, וואס האבען מיט א בעהאלטענער בענק-שאפט געשמייכעלט—און זארגפעלטיג בעזעצט עס אין א רעמעל...

אין אויף מארגען, ווען זיגמונט איז אויפגעשטאנען, האט ער דער-זעהן פאר איהם אויף א טישעל איז דאס קליין בילדעל פון מאריא'ן

געשטאַנען, איינגאַנצען אין אַ קראַנץ פון בלויע פעלד-בלימעלעך געזוימט...

„אַך, דו האָסט געהאַט אַ געליעבטע און זי איז געשטאָרבען"— האָט ער זיך דערמאָנט ליזאַ'ם נעכטיגע ווערטער און שטיל, ווי פאַר זיך, אַ זאָג געטהון:

—און דאָס איז דיין בעלוינונג, ליעבע, ליעבע מאַריאַ...



# די ליעבע פון דער פינסטערניש.

אָט דאָרט, וואו עס האָבען אין דער נאַכט די געלבע פונק-
טען געשימערט, האָט זיך געבויט די בריק, דאָרט האָט געלויכטען
און גערוישט, דאָרט איז געווען הימלעך. דאָ דאַגעגען וואו ער,
וואַצלאַוו, איז געזעסען, איז געווען האַלב פינסטער און עס האָט
געשמעקט מיט ביליגען זייף און פערפום, אויסגעמישט מיט אַ
שווערען שוויים-געריך.

דאָ איז געווען אַ „הייזעל", איינס פון יענע, וועלכע האָבען
זיך לעצטענס פערפיהרט אין די עק-הייזלעך ארום שטעדטעל צו-
ליב'ן צופלום פון אַלערליי אַרבייטער און פרעמדע געשטאַלטען,
וועלכע דאָס שטעדטעל האָט נאָך ביזהער נישט אָנגעקוקט.

אין די „הייזלעך", וואו די לאָדענס פלעגען כמעט דעם גאַנ-
צען טאָג זיין צוגעמאַכט, פלעגט יעצט, מיט דער נאַכט, זיך אָנהוי-
בען דאָס געוועהנליכע, אָבער ביליגע נאַכט-לעבען. עס פלעגען זיין
דאָ קאָרטען, האַנד-האַרמאָנקעס, ברענענדער בראָנפען און ביליגער
וויין, וואָס פלעגט ווערען אָהן אַ רעכנונג געזויפט אַזוי, אַז אָפטער
אין עטליכע שעה האָט דאָ דער בריקען-אַרבייטער געקענט פער-

זויפען דאָס פּערדיענסט פון אַ גאַנצען חודש. בלויז זעלטען־ווען פּלעגט זיך אַזהער אַריינכאַפּען אַ פריש־אָנגעקומענער אַ ביטער־פּאָליער, און איין מאָמענט פּלעגט דאַן אלעם בעהאַלטען ווערען און אומזיסט פּלעגט זיך דער לעצטער בעמיהען און אָנשטרענגען זיינע אויגעלעך—אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט. אַלץ פּלעגט מיט אַמאָל פערשווינדען, איבערהויבט אָבער די היימישע „וואָוילע־יונגען", וואָס פּלעגען זעלטען, ווען אַ טאָג אַרבייטען און בעקומען פאַר אַ גאַנצע וואָך... זיי פּלעגען דאַן וואו פערפאַלען ווערען און אונגע־שטערט פּלעגט זיך שוין דער ניי־צוגעקומענער געפינען אונטער'ן צויבער פון די שטוב־מיידלעך. איינער פון די „וואוילע יונגען" איז געווען ער, וואַצלאַוו. געווען איז ער אפשר דער ערשטער פון זיין גלייכען, דען איידער ווערלכער האָט זיך אומגעדרעהט, האָט ער שוין געהאַט ס'זיינינע אָבגעמאַכט, אַזוי אַז ער פּלעגט שטענדיג בעהייזען פערשוואונדען צו ווערען, איידער ווער האָט זיך אומגעקוקט.

צייטענס פלעגט ער אַפּאָר טעג אַרבייטען; דערנאָך אָבער פּלעגט ער זיך אַוועקזעצען שפּילען, פּלעגט ער נישט אַוועקגעהן, ביז ער פלעגט איינשלאָפען אָדער בלייבען שיכור ליגענדיג אונ־טער'ן טיש. פּלעגט ער אָפטער פון אַזאַ נאַכט אַוועקגעהן אָהן אַ פּעניג, פּלעגט ער זיך אַזוי לאַנג דרעהען איבער די „הייזלעך", ביז ער האָט נישט „אַרויפגעצויגען" ערגעץ וואו אַ פּעלצעל, וואָס פּלעגט נישט פּאַסען אויף איהם און עס פערקויפען באַלד וועלכען הענדלער. בעזונדערס אָבער פּלעגט ער פּערדינען פון די „מייד־לעך". ווייל ער האָט געהאַט געדיכטע שוואַרצע לאָקען מיט שע־נע שוואַרצע אויגען, איז געווען אַ שלאַנקער מיט אַ פעסטען ברוסט־קאַסטען, פּלעגען זיך נישט איינמאָל די „מיידלעך" אָנהענגען איהם אויפ'ן האַלז און זיך אין גאַנצען איהם איבערגעבען. אָפטער פּלעגט ער גאָרנישט וויסען, פון וואַנען אַזאַ איינע פּלעגט זיך דערנעהמען: זיי פּלעגען אַמאָל פּלוצלונג אין דער נאַכט צו איהם קומען און אָנ־קלאַפּען אין זיין פענסטער. פלעגט ער זיי אַריינלאָזען און פרעגען, אויב זיי האָבען געלד און דאַן פּלעגט ער זיי נעהמען צו זיך אויף נאַכט־לעגער, אָדער פאַר די טהיר אַרויסוואַרפען...

אַז, איינע איז אויך געווען די לעצטע, אַ שענע, קליינע, וואָס

האָט זיך אָנגערופען אסתר, גישט וויסענדיג פון וואַנען איז זי. אין אַ שטעדטעל איז זי צו איהם געקומען און טרעט נישט אָב, נאָכפאָהרענדיג מיט איהם אומעטום, וואו ער מוז פאָהרען צוזאַמען מיט דער אייזען-פירמאַ, וואו ער אַרבייט.

פלעגט ער נעהמען ביי איהר דאָס געלד, וואָס זי האָט געהאַט אין די ערשטע צייטען און דערנאָך וואָס זי פלעגט פערדינען ביי די האַנד - ווענעלעך ביים זאַמד-פיהרען. זי פלעגט עס איהם געבן אוועקגעבען, בעטענדיג זיך ביי איהם מיט טרעהרען, ער זאָל עס אַזוי גיך נישט פער'שיכור'ן. נאָר ער פלעגט עס אָבער באַלד פערגעסען. ער פלעגט זיך אַוועקלאָזען דאַן אויף אַ גאַנצע נאַכט, קומענדיג אָפטער פאַרטאָג אַ שיכור'ער, מיט אַ צעקיילט פנים. דעמאָלט פלעגט ער איהר אָננעהמען אויפ'ן געלעגער און שלאָגען, וויפיל ער האָט נאָר געקענט, ביז ער פלעגט מיד ווערען און אַריינפאַלען אין אַ טיפען שלאָף, וואָס פלעגט דויערן ביז'ן צווייטען אָווענד. דאַן פלעגט זי זיך שפיעלען מיט זיין שענעם קאָפּ, זאָרגפעלטיג אַרומוואַשען איהם ס'צעבלוטיגטע פנים און פערקעמען איהם זיינע שענע לאָקען.

און אַמאָל פלעגט ער זיך פערטראַכטען, אַז זי איז דאָך נישט „אַזעלכע" ווי די אַלע, אַז זי איז אַ „בעל-הבתישע", וואָס פלעגט איהר אויפהויבען אין זיינע אויגען און ער האָט געפיהלט דעמאָלט, אַז ער בעזיצט אַזוינע, וואָס קיינער קאָן איהם נישט צונעהמען און מיט אַ בעזונדערע גאוה פלעגט ער דאַן אַ זאָג-טהון צו די אַלע אַרומשטעהענדע „מיידלעך":

—אָט מיט ווען איך וואוין—מיט בעלי-הבית'ישע קינדער... און וואָס זענט איהר—פראָסטיטוטקעס!...

די „מיידלעך" פלעגען פערבייסען די ליפען און גאָרנישט ענטפערן און ער פלעגט בלייבען צופרידען.

דאָס לעצטע מאָל האָט ער זיך אויסגעפוצט אין אַ פּאָר שוואַרצע גלאַנציגע שטיוועלעך מיט געפּרעסטע הויזען, זיך גוט אָבגעראַזירט און אַרומגעוואַשען און ווען ער איז פאַרנאַכט אַהיימגעקומען, איז זי, אסתר, שוין געווען אין שטיבעל. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר שמייכלענדיג און איהר אַרומגענומען אין דער העלפט. זי האָט באַ־ פערוואָרפען איהרע דיקע קלאָרע הענדטלעך אַרום זיין האַלז און ז...

איז ער געשטאַנען, קוקענדיג ווי דאָס מיידעל ווערט ענטציקט. ער
האָט געזעהן ווי די אויגען פערלויפען איהר אין גלאַנץ ווי דורך אַ
טהוי און דער אָטעם ווערט איהר שווערער און האַסטיגער. אַ ווײלע
איז ער אַזוי געשטאַנען, אָנקוקענדיג איהר אָהן אויפהער מיט זיין שאַר־
פען בליק, וואָס האָט געשאָסען מיט אַ געהיימען פייער און האָט איהר
שטיל אין אויער אַ זאָג געטהון:

— ווייסט, פון נעכטען האָב איך שוין קיין איין פעניג אין קע־
שענע...—זי האָט איהם נישט געענטפערט, נור מיט אַ לייכטען זשעסט
אָנגעוויזען איהם אויף זיך.

ער האָט באַלד פערשטאַנען און אין איין אויגענבליק האָט ער
זיך דערקריגען צו איהר קעשענע, אַרויסנעהמענדיג אַ הויפען קליינג
געלד.

— דאָס וועט דאָך נישט זיין גענוג אפילו בלויז אויף פאַפּי־
ראָסען,—האָט ער געזאָגט, אַריינוואַרפענדיג דאָס צו זיך אין קעשענע־

— איך האָב דאָך אָבער נישט מעהר—האָט זי זיך ביי איהם
געבעטען.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט „פערדיענען“?..—האָט ער איהר
געפרעגט.

—דו הויבסט שוין ווידער אָן...—דאָס וועט קיינמאָל נישט זיין...
נישט דערפאַר לויף איך דיר נאָך,—האָט זי פעסט געענטפערט.

ער האָט איהר מיט אַמאָל געגעבען אַזאַ שטויס אָב, אַז זי
איז אינגאַנצען פערציטערט געוואָרען, זיינע אויגען זענען פול געוואָ־
רען מיט קוילען און האָבען געגליהט ווי ביי אַ צערייצטער חיה.
אַ מינוט איז ער געשטאַנען אומבעוועגט, אומאויפהער קוקענדיג
אויף איהר. איהר קליינע פיגור האָט זיך יעצט אין אַ מורא איינ־
געקאָרטשעט. זי האָט געוויינט קאָנוואולסיוו, וואַרפענדיג מיט די
אַקסלען, פון וואָס זי האָט אינגאַנצען געציטערט. ער האָט אַרויפ־
געוואָרפען אויף זיך זיין פעלצעל און איז שנעל אַרויסגעגאַנגען,
צושליסענדיג די טיהר אונטער זיך.

געקומען איז ער ווייט נאָך האַלבע נאַכט, אַ שכּור׳ער, און

אנ׳אָבגעריסענער, פיהרענדיג נאָך זיך עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס איז פּאָרזיכטיג נאָכגעגאַנגען. ווען זיי זענען אַריינגעקומען, איז זי האַרט נעש׳אָפּען אויף איהר געלעגער.

מיט אַ לייכטען שטוים האָט ער איהר אויפגעוועקט.

ווער איז דער? — האָט זי דערשראָקען אַ פרעג געטהאָן, דערזעהענדיג אין דער פינסטער דאָס איינגעהילטע געשטאַלט פון דעם אַריינגעקומענעם.

— אַ גאַסט... — האָט וואַצלאַוו אַ זאָג געטהאָן.

זי איז זיצען געבליבען ווי אין ערוואַרטונג. דער גאַסט האָט אַראָבגעוואָרפען זיין אויבערמאַנטעל און, דערנעהנטערנדיג זיך צו איהר געלעגער, האָט ער איהר אָנגענומען פאַר׳ן האַנד.

נאָר פלוצלונג האָט זי זיך אַ הויב געטהאן און מיט אַזאַ אימפּעט אַ וואָרף געגעבען דעם „גאַסט" פון זיך, אַז יענער האָט, ווי גרויס ער איז, זיך איבערגעקעהרט...

ווייטער וואָס איז געווען אין דער נאַכט, געדענקט ער נישט, נאָר דאָס געדענקט ער, אַז אויף מאָרגען איז אַ שווערער „ליאַמעל" אַראָב בײַ דער אַרבייט אויף דער בוישטעלע און איהם אָבגעריסען אַ האַנד.

און יעצט, אין דער פינסטערניש פון „הייזעל", איז ער געזעסען און האָט געטראַכט, קוקענדיג אין די געלע פייערלעך, וואָס האָבען געשימערט פון ווייטען און וואָס האָבען איהם אַזוי פיעל דערצעהלט פון די נאָר־וואָס פערשוואונדענע צייטען. ער האָט געטראַכט, וואָס פון איהם איז געוואָרען, פון איהם דעם בעריהמטען וואַצלאַוו, וואָס אַלע פלעגען ציטערן פאַר זיין בליק און נאָכגעבען איהם אַלץ, וואָס נאָר זיין ווילדע פאַנטאַזיע האָט געקאָנט אויסטראַכטען. ער האָט זיך דערמאָנט אין די גאַנצע רייהען „מיידלעך", וואָס פלעגען איהם בעטען צו זיך אַהיים, פלעגען איהם געבען געלד, בײַ וואָס ער פלעגט בלויז פויל צושמייכלען אָדער געבען וועלכער אַזאַ שטויס אָב, אַז זי פלעגט זיך שיער נישט איבערקעהרען.

יעצט איז ער אָבער אַ שוואַכער, אַנ׳אויסגעדאַרטער יונג, נאָר־וואָס פון שפּיטאָל אַרויס און אהן אַ האַנד און, אַז וועז נישט

דיִ ליִעבּע צו איהם פוּן איִהר, פוּן אכּתר׳ן, וואָלט ער גע׳פּגר׳ט ווי אַ הונד יעצט איִן קאַלטען דרויסען. איבערהויפּט האָט ער נישט געקאָנט פערשטעהן וועלכעס עס קאָן אייגענטליִך יעצט איִהר האַלטען בּיי איִהם, בּיי איִהם, וואָס איִז שוין מעהר נִישט דער „וואוילער" וואַצלאַוו, וואָס איִז מעהר נִישט שען און טויג צו גאָרנִישט... דאָס רעטעניִש איִז געוואַקסען בּיי איִהם, בּויערנדיִג זיין מוח. פאַרוואָס צוטרעט זיִ איִהם יעצט נִישט מיִט דיִ פיִס, אָדער פאַרוואָס שלאָגט זיִ איִהם נִישט מיִט זיין אייגענער שפּיִץ-רוט, ווי מע דערשלאָגט אַ פערוואונדעטע געפעהרליִכע חיה?—ער האָט עס נִישט פערשטאַנען און, צווייטענס, האָט איִהם אויסגעוויִזען, אַז זיִ רייצט זיִך מיִט איִהם, אַז פּלוצלונג וועט זיִ אַריינקומען און ווילד זיִך וואַרפענדיִג אויף איִהם, פונקט וואו אויף יענעם „גאַסט" בּיינאַכט, וועט זיִ איִהם צעשניידען דאָס לייב מיִט זיין שפּיִץ-רוט... און ווען עס זענען פערבּייגעגאַנגען טעג און זיִ האט אַזוי נִישט געטהאָן, איִז זי אויסגעוואַקסען איִן זיין מוח אַלס אונפערשטענדליִכע, דערבּאַרמדיִגע מיידעל, וועמען ער האָט צו פערדאַנקען דאָס, וואָס ער ליִעגט יעצט נִישט אויפ׳ן קאַלטען גאַסען דרויסען. דאָ האָט ער דערפיִהלט אַזוינס, וואָס האָט זיִך געמיִשט מיִט בּענקשאַפט און רחמנות אויף זיִך אַליין און ער האָט דערפיִהלט, ווי איִנוועניִג האָט איִהם עפּעס אַ שטויס-געטהאָן, וואָס האָט איִהם פערשטיִקט דעם האַלז און האָט זיִך אַראָבּגעגאָסען מיִט טראָפּענס, הייסע טראָפּענס איִבּער זיין בּלייך געזיִכט.

בּאַלד איִז אַריינגעקומען אסתר.

וואַצלאַוו האָט אַ קיִק-געטהאָן אויף איִהר און שנעל מיִט דער איינער האַנד אָבּגעוויִשט דיִ טרעהרען.

— וואָס בּיִזטו אַזוי אומעטיִג, וואַצלאַוו?—האָט זיִ געפרעגט.

ער האָט גאָרנִישט געענטפערט. זיִ איִז שטיִל צוגעגאַנגען, און גלעטענדיִג זיינע צעוואָרפענע שוואַרצע לאָקען, האָט זיִ איִהם געפרעגט:

— וואַצלאַוו, וואָס בּיִסטו אַזוי טרויריִג?—

— פאַרוואָס וואַרפסטו מיִך נִישט אַרויס איִן דרויסען, איִך זאָל פּגר׳ן ווי אַ הונד דאָרט איִן דער פיִנסטער?—האָט ער האַס-

טיג אַ פרעג-נעגעבען.

— פאַרוואָס וואַרפסטו מיך נישט אַרוים?—קענסטו מיך נאָך ליעב האָבען?—האָט ער נאָך אַמאָל געפרעגט.

— יאָ!—האָט זי געענטפערט.

לאַנג זענען זיי נאָך אַזוי געזעסען און געקוקט דאָרט אַהין, וואו עס האָבען געשימערט די העלע געלבע פינטעלעך אין דער ווייטענס.

אין שטיבעל האָט זיך אָנגעהויבען דאָס נאכט-לעבען...



## אַ פּראָוואָקאַטאָרשע.

(ערינערונג פון אַן׳אַרבײטער).

---

אין יענע טעג, ווען וואָס מעהר די הענד זענען געווען בײ אײנעם פערשמירט פון אַרבײט, וואָס מעהר דאָס פּנים פערדונקעלט פון פאַבריקס=רויך, אַלץ גרעסער און שענער איז עס בײ איהם געווען — אין יענע טעג האָב איך זיך דערוואוסט ווענען דעם שטיבעל װײער׳ן.

נעוואוינט האָב איך אין זעהר אַ לאַנגען און הויכען צימער, וואָס פלעגט אָבשלאָגען מײנע טריט און יעדען ריהר, וואָס מען האָט געגעבען, מיט אַ טעמפּען ווידער=קול, וואָס פלעגט אָנוואַרפען אַ מורא און אַ בענקשאַפט נאָך מענשען און פרײנד.

און איך האָב געפונען אַ פרײנד.

אַן׳אײנפאַכער, מיט אַן׳אַנגענעהם אויסזעהן — האָט ער געקענט אויף יעדען מאַכען דעמזעלבען אײנדרוק, וואָס אויף מיר. שנעל איז דעריבער געגאַנגען אונזער נעהנטערע בעקאַנטשאַפט, און איך האָב איהם אָנגעהויבען פיהרען צו מיר אין צימער אַרײן. ער פלעגט זיך ברײטליך אויסלעגען אויפ׳ן קאַנאַפּע און פרײ פּלוידער׳ן איבער אַלצדינג, בײ וואָס זײנע קלײנע גוטע אויגעלעך, פלעגען אַזוי פרעהליך אַרויסקוקען פון אונטער זײן פלאַכען שטערען אַרוים.

אין גרויע־פאַרנאַכטיגע שטונדען פלעגט מיר מיין פריינד אָפּטער דערצעהלען פערשידענע עפּיזאָדען און מעשה׳לעך פון זיין לאַנגען פאַבריקס-לעבען; עס פלעגען אַ דורכגעהן ערצעהלונגען פון הונגער, נויט און נאָך אַלעס, וואָס אַזעלכע ערצעהלונגען פער־מאָגען. ער פלעגט עס ערצעהלען און ביי אַלעם האָט עפּעס אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען גערוהט און זיינע אויגעלעך, האַלב־צוגעמאַכטע, האָבען פרעהליך אַרויסגעגלאַנצט...

אין אַזאַ אָווענד, האָט ער מיר דערצעהלט וועגען דעם שטיבעל און מיר האָבען אָבגערעדט אויף מאָרגען אַ הין צו געהן.

## II.

מאָרגען פאַרנאַכט איז מיין פריינד צו מיר געקומען.

איך בין שוין געווען גרייט און צוזאַמען האָבען מיר זיך גע־לאָזט דורך אַ רייהע שמאָלע און בלאָטיגע געסלעך צו נ--גאַס צו. אויף נ—גאַס זענען מיר אַריין אין אַ גרויסען שמוציגען הויף, וואוהין עס ראָבען אַריינגעקוקט עטלוכע צעהנדליג דונקעל־בעלויכ־טענע פענסטער, מיר זענען אַריין אין אַ פאָר־הויז. פערגעלבטע קליינע לעמפעלעך, צוגעשלאָגען צום וואַנד, האָבען בעלויכטען פייכטע קרומע טרעפ.

מיר האַבען זיך אַריבערגעטראָגען איבער אַ דריי שטאָק, שטעהן געבליבען נעבען אַ טיר און באַלד זענען מיר אַריין אינוועניג.

אַ גרויסער נאַפט־לאָמפ האָט בעלויכטען אַ דריי-ווענטיג שטיבעל, וועלכע סאיז פונדעסטוועגען געווען גענוג גרויס. רעכטס זענען געשטאַ־נען אַנ׳אייזערן נידעריג געבעט בעטעל און דערנעבען אַ טישעל, אונ־טערגעשלאָגען מיט אַ ברעט, וואו עס האָבען זיך געוואַלגערט ביכער און פאַפירען. לינקס אַ—גרויס „ווענעציאַניש״ פענסטער, אַ צווייט בעטעל, פערשידענע קוישען און אַ גרויסע קאָך־מאַשינקע. אַ יונגער־מאַן אין לאַנגע צעקעמטע האָר מיט פלעגמאַטישע געזיכטס־ציגע איז געזעסען אין אַ ווינקעל פון טישעל שטאַרק פערטראַכט אין אַ בוך אַזוי, אַז ער האָט אונזער אַריינקומען גאָרנישט בעמערקט.

— זייט היימיש,—האָט מיר מיין פריינד צוגעגעבען אַ שטוהל.

דער יונגערמאַן האָט האַסטיג אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— אָ, איהר זענט דאָס? גאָרנישט געהערט, ווי איהר זענט אַריינגעקומען,—האָט ער גערעדט, קוקענדיג פון אונטער די ברי־לען אויף מיר.

עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּען אויף די טרעפּ.

— אָט געהען זיי—האָט מיין פריינד מיר אָנגעוויזען אויף דער טיר און באַלד האָבען זיך טאַקי בעוויזען אַריינקומענדיג

צוויי מיידלעך, בעגלייט פון אַ הויכגעוויקסיגען יונגענמאַן.

איינע פון די צוויי, קענטיג די יונגערע, איז געוועזן אַ שענע ברונעטין מיט לאַנגע צעפּ און לעבעדיגע שוואַרצע אויגען; די עלטערע—אויך אַ ברונעטין, מיט אונטערגעשוירענע געקרויזטע האָר, און מיט גרויסע גרויע אויגען.

מיין פריינד האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַלע אַנוועזענדע, ביי וואָס איך האָב בלויז געהערט די שאַרפע ווערטער פון דער, מיט די אונטער־געשוירענע האָר: „מיך רופט מען ראַשעל",—האָט זי געזאָגט.

— און מיך—סאָלאָן,—האָט געזאָגט דער הויכגעוואוקסיגער יונגערמאַן.

— עפּעס אַ גריכישער נאָמען...—האָב איך מיר אַ זאָג געטהאָן. דער יונגערמאַן האָט געשמייכעלט.

מיר האָבען זיך אויסגעזעצט אַרום טישעל. די פרייליינס האָבען דערלאַנגט טיי, פערבעטענדיג מיטעסען זייער קאַרגען אָווענדבּרויט. באַלד זענען צוגעקומען נאָך עטליכע—אין לאַנגע האָר מיט אומגעצוויגענע דאַרע פּנים'ער—און עס האָט זיך פערוויקעלט אַ לעבעדיגער געשפּרעך.

ניט האָבענדיג שוין קיין אָרט אַרום טישעל, האָבען זיך די צוגעקומענע אויסגעזעצט, ווער אויף די זייטיגע אייזערנע בעטלעך, ווער אויף די קוישען. אַ נידריג־געוואוקסיגער יונגערמאַן מיט ברייטע אַקסלען און רויטע האָר, האָט פאָרגעלייענט פון אַ צייטונגארטיקעל—וואָס ער האָט אַרויס וועגען „ברויט און קונסט" זיינם אַנ'אַרטיקעל—וואָס ער האָט אין אַ קורצע פאָררעדע געזאָגט—געשריבען געגען „געוויסע" פערזאָנען...

— אַ שאָד וואָס אונזער קינסטלער איז דאָ ניטאָ—האָט ראַשעל בעדויערט.

— איז וואָס וואָלט געווען?—האָט דער יונגערמאַן מיט די רויטע האָר געפרעגט, און די אויגען האָבען ביי איהם פערגלאַנצט.

— וואָלט גאָרניט געווען, נאָר ער וואָלט אייך שוין געענטפערט.

— יאָ, יאָ,—האָט דער יונגערמאַן מיט די רויטע האָר געע-

ענטפּפערט, און זיך גענומען לייענען הויך ווייטער זיין אַרטיקעל:
„פאַר זייער קליינער פּראָדוקציאָן ווערט אויסגעגעבען מיליאָנען, אין דער צייט, ווען די גרויס און שווער-פּראָדוצירענדע צאָהלט מען מיט גראָשענס!..."

— אודאי אַזוי!—האָט זיך מיין פריינד אָנגערופען פון זיין ווינקעל, וואו מען האָט איהם איגנאָנצען קענטיג פערגעסען.

— אודאי אזוי!—האָבען ענטוזיאַסטיש נאָך קולות געשריגען.

— גוט אַזוי! מיט גראָשענס צאָהלט מען די פּראָדוציר-רענדע!...

ביים זשורנאַליסט, ביים געלען יונגערמאַן האָבען די אויגען געפינקעלט פון בייפאַל, וואָס האָט איהם, קענטיג, צוגעגעבען מוט און ער האָט הויך ווייטער פאָרגעלייענט.

דאָס שטיבעל איז פול געוואָרען מיט גערעדעריי, געלעכטער און רויך.

איך בין די גאַנצע צייט געזעסען אויף מיין אָרט, פערשטעלט מיט דער פערשטויבטער שיין לאָמפּ און פון צייט-צו-צייט געוואָרפען א בליק אין ווינקעל אַריין, וואו עס זענען געזעסען דער הויכער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט מיט'ן נאָמען „סאָלאָן" און ס'יונגערע ברונעטע מעדעל.ביידע האָבען זיי צווישען זיך געפיהרט אַ שטילען געשפּרעך. דאָס האַלב-בעשיינטע מעדעל-שע געזיכט האָט אויסגעזעהן פיעל שענער ווי ביים אַריינקומען, און האָט מיר, וואָס אַ מאָל אַלץ שטאַרקער געצייכענט שטריכען פון עפּעס שוין לאַנג, לאַנג מיר בעקאַנטעס, שוין לאַנג געזעהענס... אָט די־זעלבע גריבעלעך ביים לאַכען—ווי נאָהנט זיי זענען מיר; איך האָב זיי געוויס אַמאָל געקאָנט... דערזעלבער בליק פון איהרע אויגען אויף מיר, פונקט ווי איך וואָלט איהם שוין ווען געוועזען בעגעגענט—ווי בעקאַנט איז מיר פּלוצלונג אַלץ אין איהר געוואָרען! ווער זאָל דאָס זיין?...

איך האָב נאָכגעקוקט יעדע בעוועגונג איהרע—און וואָס מעהר, האָט זיך מיר אַלץ אויסגעוויזען, אַז ווירקליך, איך האָב אַ-מאָל א זעלכע אויגען, אַזעלכע שוואַרצע האָר געקענט, געליבט—איך האָב אַמאָל הנה'לען געליבט! חנה'לע, יאָ, דאָס איז זי! זי...

דיזעלבע... נאר ווי?—וויפיעל שענער איז זי געווארען! יעצט איז זי דאך גרויס... און ווי זי דערקענט מיך נישט!...—אינסטינקטיוו האב איך מיך א הויב-געטהאן פון שטוהל—איך האב געוואלט צו איהר צוגעהן... נאר איך האב מיר באלד דערמאהנט...

איך בין ווייטער געבליבען זיצען אויף מיין ארט; נאר פון צייט-צו-צייט האב איך דא געזעהן, ווי חנה'לעם בליק, אן'אנגע-שטרענגטער און ווי צעשראקענער, פאלט אויף מיר אהער: זי בע-קוקט שארף מיין געזיכט און נעהמט שנעל צו די אויגען, ווען איך טרעף מיר מיט זיי צוזאמען... און דאס זאל טאקע זיין חנה'לע?...

אין שטיבעל איז אריין א הויכער יונגערמאן מיט א לייכט ארומגעזוימט שווארץ בערדעל און אינגאנצען איינגעהילט אין א לייכטען שווארצען מאנטעל.

— „אט איז אונזער קינסטלער!"—האבען מיט אמאל עט-ליכע קולות אויסגערופען.

און ווירקליך האט ער אינגאנצען פארגעשטעלט עטוואס „קינסטלערישעס": זיינע בעוועגונגען, געזיכטס-ציגע און אפילו די לייכטע זומערקליידער ביי דער שטארקער קעלט פון דרויסען—אלץ איז געווען אין איהם פריי און גוטמוטיג...

— אך, בורזשואזיע, בורזשואזיע, ביי אייך איז דאך טאקע רעכט ווארעם!—האט אויסגערופען אינגאנצען ציטערנדיג דער אריינגעקומענער.

— ווארעמער ווי אין „פאוו׳אק"?—האט ווער געפרעגט...

דער אריינגעקומענער האט דערויף גארנישט געענטפערט.

— האט איהר שוין געזעהן דאס ארטיקעל, וואס זיי האבען אבגעדרוקט אין היינטיגען נומער?—האט ראשעל געפרעגט דעם נאר-וואס אריינגעקומענעם.

— וואס פאר אן'ארטיקעל?—האט דער אריינגעקומענער געפרעגט, קוקענדיג דא אויף ראשעל'ן, דא אויפ'ן אויטאר, וועל-כער האט מיט א שטאלצען שמייכעל זיי ביידע אנגעקוקט.

— ברויט... ברויט... ע, איך האב שוין אינגאנצען פערגע-סען!...—האט ראשעל געענטפערט, צונעהמענדיג די צייטונג פון אויטאר און איבערגעבענדיג זי דעם אריינגעקומענעם.

— ברויט וואָלט געווען פאַר אונז אַלע ס'בעסטע אַרטיקעל,— האָט זיך פּלוצלונג אָבגערופען פון זיין אָרט „סאָלאָן".

— אָ, אפילו דער לעהרער לאַכט אויך פון דעם וויץ,— האָט זיך אַריינגעמישט פון איהר אָרט חנה'לע, אָנווייזענדיג אויפ'ן יונגערמאַן מיט די פלעגמאַטישע געזיכטס-ציגע.

— און וואָס זענט איהר היינט אַזוי אומעטיג?—האָט מיט זיין אייגענאַרטיגען שמייכעל געפרעגט דער לעהרער, אַרויסקוקענדיג פון אונטער די ברילען צו חנה'לען.

— איך ווילט אודאי מיין פרעהליכקייט, הער לעהרער!— האָט זי איהם איינפאַך געפרעגט.

„דאָס זעלבע בייסינקייט אין רעדען"—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן.

— יאָ...—האָט דער לעהרער נישט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— אויב אַזוי, הער לעהרער,—האָט חנה'לע ווייטער פאָרט-געזעצט,—קויפט מיר אַגוטען „באָנבאָנס" וועל איך פרעהליך זיין...

— אַ באָנבאָנס?—האָט זיך מיין פריינד אָבגערופען צו הנה'לען—ער וועט בעסער קויפען אַ בוך „געגען דעם"...

מיין פריינד האָט דאַבייַ מיר דאָ דערצעהלט, אַז אַ מאָדנע איינשאַפט האָט דער לעהרער: ער לייענט שטענדיג צוויי אַזעלכע בראָשורען אָדער ביכער מיט אַמאָל, וועלכע זענען איינס דער-ווידער דעם צווייטען...—וואָס דער לעהרער האָט אויסגעהערט מיט זיין אייגענאַרטיגען שמייכעל, אַרויסקוקענדיג דאַבייַ פון אונ-טער די ברילען אַרויס אויף מיר: קענטיג, ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַ לויב...

— איהר האָט, זעה איך, ליעב פאָלעמיק, און וואָס לייענט איהר היינט?—האָב איך געפרעגט דעם לעהרער.

— קריטישע אַרטיקלען איבער אונזער בעוועגונג—איבער'ן ציוניזם.—האָט ער אַלץ מיט דעמזעלבען שמייכעל געענטפערט.

אין שטיבעל, וואוהין מען האָט נאָר בעדאַרפט אַריינוואַרפען איין ניי וואָרט, אַז עס זאָל אויסברעכען מיט אַמאָל אַזאַ גערעדע-ריי וועגען דעם, אַז עס זאָל אויסזעהן ווי אַ טומעל, האָט דאָס נייע

וואָרט פון לעהרער באַלד פערפילט די לופט.

—אַ גאַנץ שענע פאַנטאַזיע!—האָט דער אַלטער כמעט געשריגען, ציהענדיג איבערהויפט דאָס וואָרט „פאַנטאַזיע..."

—כאַ-כאַ...—האָט זיך צעלאַכט פון זיין ווינקעל אַרויס „סאָלאָן"—דער שפּעטער דערפון איז געוועזן אַ קינסטלער, וואָס, הער אויטאָר?..

—שטענדיג מעהר קינסטלער!..—האָט זיך דער אַלטער געהיצט.—עס האָט דער בעשעפער פונ'ם ציוניזם איינמאָל אַריינ-געקוקט אין אַ איינגען נאַסען קעלער אַריין, ערגעץ אין אַ ווילנער אונטערגעסעל, וואו שפּעט ביינאַכט איז געזעסען אַ מיידעל, אַ נייהטאָרין און האָט מיט פערשלאָפענע אויגען געניטה— האָט; עס איהם נעבען אַ דריק געטהאָן ביים האַרץ: „וויא ראַטע-וועט מען אָט די אָרימע מיידלעך?"—האָט ער געקלערט—און בעשאַפען דעם ציוניזם...

—און אַזוי שטעלט איהר אייך טאַקי פאָר דאָס בעשאַפען פון דערזעלבער אידעע?—האָט דער קינסטלער געפרעגט.

—געוויס אַזוי!—האָט דער אויטאָר מיט'ן זעלבען פּאַטאָס ווייטער גערעדט,—נו, עס פרעגט זיך: ווען זיין חלום וועגען ציון זאָל אינגאַנצען פערווירקליכט ווערען, וועט דאָס אָרימע מיידעל ניט אַרבייטען אין קעלער?—עס הייסט דאָך איבער-טראָגען די פערהעלטענישען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען!..—

—אָבער די פּראָפּאָרציע פון בעסערן לעבען איז דאָך אַ פיעל גרעסערע ביי זעלבשטענדיגע פעלקער, ווי ביי אונז— האָט דער קינסטלער רוהיג פערטיידיגט.

—ווי ביי אונז, זאָגט איהר? וואָס הייסט עס ביי אונז?— די פראַגע וועגען די אָרעמע אונטערדריקטע איז אַנ'אַלגעמיי-נע! און זי מוז אַנדערש געלעזט ווערען!—האָט זיך דער אוי-טאָר געריסען.

—אוי, ווי ער גיט אייך...—האָט ראַשעל געסטראַשעט דעם קינסטלער מיט איהר קליין פינגער'ל—און איהר, הער אוי-טאָר, האָט עס טאַקי בעדאַרפט אַרויסזאָגען אין אַ בעזונדער אַרטיקעל, וואָלטען אייך אייערע פערשוויצטע האָהר ניט אַזוי

געקראָכען אין די אויגען אַריין און איהר וואָלט געהאַט דער־צו אַייער האָנאָראַר פון רעדאַקטאָר...

אַלע האָבען געלאַכט...

אין שטיבעל איז דאָס געשפּרעך געגאַנגען מיט'ן פולען טעמפּאָ. דער אויטאָר מיט'ן לעהרער האָבען זיך איבער עפּעס ווייטער געשפּאַרט; אַנדערע האָבען געמאַכט מיט די הענד, ווי זיי וואָלטען זיך ווען מיט זיי וועהרען און ביי אַלעמען זע־נען די פערשוויצטע צושויבערטע האָהר אונ'ברחמנות'דיג געקראָ־כען אין די אויגען אַריין.

איך האָב געקוקט אויף חנה'לען, וועלכע איז געזעסען מיט סאָלאָנ'ן, און ווען מיר פלעגען זיך טרעפען מיט די בלי־קען, האָט זי זיך ביי יעדען מאָל עפּעס אַזוי פרעמד צו־לאַכט...

באַלד האָבען מיר זיך געקליבען אַהיים צו געהן.

ביים געזעגנען האָט מיר חנה'לע פּלוצלונג אַ פרעג גע־טהאָן:

—איהר ווערט דאָך דאָ מאָרגען זיין, אמת?..—און אַ טיעף געלעכטער האָט בעהאַלטען פון איהרע אויגען אַרויסגעקוקט...

* * *

—אָט ווי מען ליידט ניט פון קיין איינזאַמקייט,—האָב איך אַ זאָג געטהאָן מיין פריינד, שאַרענדיג זיך נאָך איהם אי־בער די שוין פינסטערע טרעפּ.

—און איך בין שוין דאָ לאַנג בעקאַנט,—האָט געזאָגט מיין פריינד.

—און דאָס יונגע מיידעל וואוינט דאָ שוין לאַנג?—האָב איך אַ פרעג געטהאָן.

—אַזוי לאַנג, ווי איך קען זי,—האָט ער געענטפערט.

—און דער יונגערמאַן, „סאָלאָן," וואָס רופט זיך, קומט אַהער שוין לאַנג?

—לאַנג...—האָט מיין פריינד ניט זיכער געענטפערט און ווי פערדעכטליך אויף מיר אַ קוק געטהאָן. איך האָב פון זיין בליק פערשטאַנען, אַז מיין נאָכפרעגען זיך צופיעל דאָס ערשטע מאָל קען אַרויסרופען עפּעס אַ צווייפלונג. איך האָב מיר דע־ריבער מעהר ניט נאָכגעפרעגט און מיר זענען געגאַנגען שטיל.

איבער די בלאָטיגע געסלעך האָט מען שוין קיינעם ניט געזעהען. לאַנגע שורות לאַמטערנעס האָבען בלויז אומעטיג אָב־געשלאָגען אין די פייכטע שטיינער פון טראָטואַר, מיידענדיג איינס נאָכ׳ן אַנדער׳ן נאָך אונז. מיר זענען געווען פאַר מיין וואוינונג.

איך האָב מיר געזעגענט מיט מיין פריינד, וועלכער האָט מיר צוגעזאָגט מאָרגען ווידער צו זיין ביי מיר און בין אַרויף אין מיין אומעטיגען צימער. נור יעצט האָב איך דעם אומעט מעהר ניט געשפירט. דאָס שענע געשטאַלט פון חנה׳לען, אי־בעראַשט פון אונפערוואַרטעטען טרעפען זיך מיט איהר אין דעם שטיבעל—דאָס אַלץ האָט מיך אינגאַנצען פערנומען.

איך האָב געקלערט, אַז יעצט זענען מיר ווידער נאָהנט,—נור ווער איז דער יונגערמאַן „סאָלאָן," וואָס איז די גאַנצע צייט ניט אָבגעטרעטען פון איהר? „ביסטו ניט גע־קומען צו שפעט?" דער געדאַנק האָט מיך געפייניגט. איך האָב מיר אויפגעצייכענט איהר, דער אַמאָליגער חנה׳לען און איהר דער היינטיגער—נור עפּעס האָבען זיי זיך פערגלייכען ניט גע־קענט: עס האָט די לאַנגע צייט אַזאַ גרויסען, גרויסען אונטער־שיעד געמאַכט!" און מיין האַרץ איז געוועזען פול, פול מיט ערוואַרטונג און אין מוח האָבען זיך אָהן אויפהער געוועבט ערי־נערונגען פון די ווייטע פערנעפּעלטע צייטען פון אונזער ביי־דענס פריהער יוגענד...

# III.

און איך האָב חנה׳לען געליעבט.

ווען מיר זענען נאָך קינדער געווען, פלעג איך רויט ווע-רען, ווען עמיץ פלעגט ווענען חנה׳לען עפּעס רעדען...

נור זי פלעגט אָפטער פון מיר אַנטלויפען...

און נור זעלטען, ווען מיר פלעגען זיך שפּיעלען אונטער׳ן שטעדטעל, פלעגט זי אַמאָל ווערען אַזוי גוט, זי פלעגט מיך אָננעהמען פאַר׳ן האַנד און מיט גלייכע טריט פלעגען מיר געהען איבער די זאַמדיגע בערגלעך ביים טייך. איך פלעג קוקען אין איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען און אינוועניג פלעגט מיר דאָס האַרץ אַזוי אונרוהיג שלאָגען, שלאָגען...

נור ווען איך בין עלטער געוואָרען, האָב איך איהר מעהר אַזוי אָפטער ניט געזעהען. און בלויז צייטענס פלעג איך איהר דערזעהן ביים גרויסען פענסטער זייערן, זיצענדיג און נייהען, זינגענדיג דאַביי אַזעלכע שענע קלינגענדע ליעדעלעך.

איך פלעג דאַן שעה׳ען לאַנג שטעהן אונטען און וואַר-טען, וואַרטען אַז זי זאָל אַראָבקוקען, אז איין קוק זאָל איך אויף איהר טהאָן און שנעל—ווי פערבייגעהענדיג—אַוועקגעהן... נור לאַנג פלעגט אַזוי זיצען חנה׳לע ביים פענסטער, גאָר ניט וויסענדיג, אַז ווער וואַרט דאָרט אונטען אויף איהר און פרעה-ליך נייהען און זינגען...

בלויז אַמאָל פלעג איך זי דערזעהן אין גאַס.

שלאַנק און אויסגעפּוצט פלעגט זי זיך בעווייזען אויף דעם געסעל, גיך און גרינג זיך פערבייטראָגענדיג איבער די שטיינדלעך. איהרע לאַנגע שוואַרצע צעפּ פלעגען זיין אַראָב-געלאָזען און טאַקטיש זיך נאָכוואַרפען נאָך יעדער בעוועגונג איהרער. איך פלעג דאַן פאָראויסגעהן, זיך אומדרעהען—און צוויי פייערדיגע בליקען איהרע פלעגען מיך בעגעגענען און

איך פלעג דערפיהלען, ווי אַ הייסער שטראָם געהט איבער מיר אַדורך...

און איינמאָל קומט צו מיר צו מיין חבר און זאָגט מיר:

—ווייסט, חנה׳לע פאָרט אַוועק...

ביי מיין חבר האָבען די אויגען עפּיס פרעמד געגלאַנצט.

איך האָב איהם מיט פערדאַכט איבערגעפרעגט:

—ווער, חהנ׳לע פאָהרט אַוועק?..

—חנה׳לע, זי פאָהרט אַוועק...

איך האָב געוואוסט פון די געהיימע געפיהלען פון מיין חבר צו חנה׳לען און קיינמאָל דעריבער פלעגען מיר וועגען איהר ניט רעדען... און ביידע האָבען מיר זיך דעריבער ניט געקאָנט צוגעוועהנען צו דעם געדאַנק, אַז זי, חנה׳לע, וועט באַלד אַוועק פון דאַנען און מיט איהר—אַלע אונזערע זיסטע, זיסטע חלומות....

אויף מאָרגען בין איך פאַר חנה׳לעס וואוינונג געשטאַנען.

אַ קאַלטער הערבּסט-ווינד האָט ווילד געיאָמערט, איך בין געשטאַנען האַלב-אַריינגערוקט אין טויער און האָב געוואַרט, אפשר וועל איך איהר זעהן דורכגעהן יעצט דאָס לעצטע מאָל....

„זאָל איך צו איהר צוגעהן?"—דער געדאַנק האָט מיך געשראָקען... איך האָב מורא געהאַט פאַר איהרע פינסטערע גרויסע אויגען און פאַר איהרע שוואַרצע לאַנגע ברעמען, וואָס אַז זיי פערכמורען זיך, בלאָזט פון זיי אַזאַ קעלט... נור אָט האָט זיך אַ טיר אויפגעמאַכט און שטילע דראבּנע טריט האָבען זיך צעשאָטען איבער׳ן הויפעל—עס האָט זיך בעוויזען חנה׳לע...

דאָס האַרץ האָט מיר מיט אַמאָל פערקלאַפּט... חנה׳לע איז געגאַנגען און איך האָב מיר בלינד נאָכגעטראָגען נאָך איהר... זאָל איך איהר אָבּשטעלען? אַ רוף טהאָן?.. נור אָט האָט זיך אונווילענדיג ביי מיר אַרויסגעריסען:

—חנה׳לע!..

דאָס קויל איז אַרויס ביי מיר הייזעריג און אומגעלומפּערט און איך האָב מיר שיער ניט פערלאָרען, ווען עס האָבען

זַ בליץ געטהאָן פאַר מיר חנה׳לעס מורא׳דיגע, גרויסע שענע אויגען.

—„וואָס זאָגט מען איהר?"—האָב איך מיר געפרעגט, נאָר באַלד האָב איך אָנגעהויבען:

—הנה׳לע, איהר פאָהרט אַוועק?..

חנה׳לעס שוואַרצע ברעמען האָבען זיך אָנגע׳ברוגז׳ט און פון אונטער זייער שאָטען האָבען אַרויסגעגלאַנצט צוויי פייער-לעך...

—וואָס זאָגט איהר?.. האָט חנה׳לע שנעל געפרעגט.

—חנה׳לע, איהר פאָהרט אַוועק?..—האָב איך איבערגע׳חזר׳ט מיינע פייעריגע ווערטער.

—שוין געהערט...—האָט חנה׳לע פלינק מיר איבערגעשלאָ-גען.

עס איז אָנגעקומען אַ מינוט פון דריקענדען שווייגען... איך האָב איהר געוואָלט אַלץ, אַלץ דאָ זאָגען, נור זי האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי שרעקליך בייז, אַזוי אומ׳ברחמנות׳דיג בייז...

—חנה׳לע, איהר זענט אַזוי שרעקליך... נור ווי איך ליב אייך... מעהר האָב איך ניט געקאָנט רעדען...

אויף חנה׳לעס ליפען האָט זיך בעוויזען עפּיס אַזאַ פּרעמ-דער שמייכעל און די אויגען האָבען פערגליהט מיט פייער...

—נאַר...—האָט זי אַ זאָג געטהאָן, זיך פלינק אויסגעדרעהט און שנעל פערפאַלען געוואָרען אין דער פינסטערניש פון גע-סעל...

דער ווינד האָט ווילד געריסען און איינער בין איך גע-שטאַנען אין געסעל און מיט טרערען אין די אויגען, טיעף ביז דער נשמה בעליידיגט, האָב איך נאָכגעקוקט, ווי חנה׳לע איז פערשוואונדען געוואָרען...

## .VI

עס איז אַריבער אַ קורצע צייט.

איך בין כמעט אַלע אָוועגד געקומען אין שטיבעל אַריין, וואו איך האָב באַלד בעוויזען זיך צו בעקענען מיט אַלע גע־שטאַלטען, וואָס האָבען זיך דאָרט געדרעהט.

דער רויט-האָריגער קורץ-געוויקסיגער צייטונגס-מיטאַרביי־טער, אָדער „אויטאָר," ווי מען האָט איהם גערופען דאָ, ווייל ער האָט אַרויסגעגעבען עטליכע בראָשורען, געווידמעט „דעם גאַנג פון מאָדערנעם סאָציאַליזם"—ער האָט באַלד אויפ'ן צוויי־טען טאָג געשלאָסען מיט מיר ברודערשאַפט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך „שרייב..."

—מיין קינדהייט און מיין יוגענד האָב איך פערבראַכט אין אַ „שטילען שטורעם!.." האָט ער מיט עטוזיאַזם דערצעהלט.—און שטענדיג האָב איך געשריבען!.. און אויב דו ווילסט, ברו־דער—האָט ער צוגעגעבען—קען איך דיר ווייזען „זאַכען," וואָס איך האָב מיט צעהן יאָהר צוריק געשריבען.

ווייטער האָט ער מיר דערצעהלט, אַז געבוירען איז ער ערגעץ אויף דער גרויס-פוילישער פראָווינץ, געבלאָנדזעט אי־בער דער וועלט, געלערענט אין „ישיבות," ביז ער האָט זיך דערשלאָגען צו דער הויפט-שטאָדט. דאָ האָט ער געאַרבייט ביי אַ מייסטער, „אַ הולטער בעסטיע מיט געלע וואָנסען," וועלכער פלעגט איהם בריהען מיט פאַפּיראָסען, ווען ער איז שפּעט ביינאַכט ביי דער אַרבייט אַנטשלאָפען געוואָרען... און בייטאָג געמוזט אַרומטראָגען זיינע קליינע „בעסטיעלעך..." און דאַן האָט ער געשריבען!..

אַ פּאָר „זאַכען" זענען דאַן געפּעלען געוואָרען עפּיס אַ רעדאַקטאָר פון אַ וואָכענבלאַט און פון דאַן אָן הויבט זיך אָן זיין „העכערע" אַרבייט...

דעם צווייטען פון מיינע נייע בעקאַנטע—דעם קינסטלער—האָט אויך דער שיקזאַל געצייכענט כמעט דעמזעלבען וועג... געוואָרען אַ יתום אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען, האָט איהם די משפחה צו זיך גענומען; האָט ער זיי אַלע געקאַלכטע אויווענס מיט „מענשעלעך" און „פערדעלעך" צעקראַצט—האָבען זיי פון אָרעמען יתום געמוזט ליידען... האָט ער אָבער אויפ׳ן „אָרון-קודש" פון אַ בית-מדרש אויך אַ „מענש" אויסגעקריצט—איז עס שוין געווען ניט צום פערטראָגען... איז ער אַוועק, ניט פערגעסענדיג מיטנעהמען מיט זיך זיין מוהמעס שבת׳דיג קייטעל—און איז אַוועק שטודירען. נור יעצט וויל ער אָבער פראָדוצירען—און שרייבט שילדען...

די דריטע, געהט דאָס פריילין ראַשעל.

זי איז געווען אַ געבוירענע פון דער ליטא.

האָט איהר פאָטער, דער ערשטער נגיד פון שטעדטעל, געוואָלט, אַז זיין טאָכטער זאָל אויך זיין די ערשטע פון שטעדטעל, האָט ער איהר געשיקט קיין ווילנא שטודירען.

און געקומען איז ראַשעל צוריק אין בלאָטיגען ליטווישען שטעדטעל אַ שלאַנקע, אַ שענע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל... האָבען זיך די בחורים גענויגט פאַר איהר און גערעדט מיט אַ טיפען דרך-ארץ, נור זי, ראַשעל, האָט פון זיי, פון די ליטווישע קליינשטעדטעלדיגע קאַוואַלערן ניט געוואָלט הערען: שוין לאַנג האָט ראַשעל איינעם מיט הארץ און נשמה געהערט...

אַזוי זענען אַוועק עטליכע יאָהר.

ראַשעל׳ן האָט דער געליעבטער אויף אַ צווייטער פערביטען.

נור ראַשעל האָט ניט געוויינט.

זי האָט אָבגעשוירען איהרע לאנגע שוואַרצע האָר, שטיל זיך געזעגענט מיט׳ן פאָטערס רייכע צימערן און, מיטנעהמענדיג ניט מעהר מיט זיך, ווי זיינע בריף, איז זי שטיל אַוועק אַהער—נעהמען און לערנען אָרעמע אַרבייטער...

גאַנץ איינפאַך איז דערפאַר געווען דאָס לעבען פון מיין ערשטען פריינד, דעם פאַבריקס-אַרבייטער. „אַזוי ווי אַ גרויס

גלאָט פעלד" פלעגט ער מיר ניט איינמאָל זאָגען, בעגייסטערט ווערענדיג פון זיין אייגענער פּראַזע...

אייגענאַרטיג איז אויך געווען דאָס לעבען פון לעהרער. „אַזוי ווי אַלע לעהרערס" פלעגט ער זאָגען און זיך צולאַכען מיט זיין אייגענאַרטיגען געלעכטערל.

נור איינער, „סאָלאָן" איז געווען מיט מיר פרעמד.

אַליין אַ הויכער, מיט שוואַרצע האָר און קליינע, נור לעבעדיגע שוואַרצע אויגעלעך, פלעגט ער אַריינקומען, זיך אָבגריסען צו אונז און גלייך אָנהויבען רעדען מיט חנה׳לען, אַוועקנעהמענדיג זי ערגעץ אין אַ ווינקעל פון שטיבעל.

עפּעס געהיימעס, דראָהענדעס איז צווישען אונז דעריבער אויסגעוואַקסען. זיין שענע, כמעט פאַנטאַסטישע גראַציע פלעגט אויפוועקען אין מיר אַ טעמפּ געפיהל פון שנאה, וויסענדיג, אַז אָט דער טייוועלשער רייץ, וואָס הויכט פון זיין ערשיינען, געפעהלט איהר, חנה׳לען... און דעריבער פלעג איך איהם ניט קאָנען אָנקוקען אין זיין לאַנגען שוואַרצען מאַנטעל, פערבונדען מיט אַ שלייף אויפ׳ן האַלז, וואָס פלעגט איהם צוגעבען אַ דעמאָנישען חן. נור ווי אויף להכעיס מיר פלעגט ער עס לעצטענס גאָרנישט וועלען אַראָבוואַרפען...

און געוואוסט ווער ער איז—האָט דאַכט זיך קיינער ניט...

איך פלעג זיך דעריבער ניט איינמאָל פערקלערען, ניט וועלענדיג זיך צופיעל נאָכפרעגען, און אומזיסט פלעגט עפּעטער אין די אָווענדען ראַשעל זיך בעמיהען מיך פרעהליכער צו מאַכען: איך פלעג מיך טיעף פערטראַכטען איבער דעם, וואָס מען זאָגט, אַז דער אונפערשטענדליכער מענש איז דאָ געשיקט געוואָרען פון די יעניגע פון פּאַריז „אָנצופיהרען דאָ מיט דער אַרבייט" און—אַז ער ליעבט חנה׳לען... און איך האָב איןביידען געצווייפעלט...

# V.

עס איז אַריבער כמעט דער גאַנצער ווינטער.

איך פלעג זעלטען ווען אַנ׳אָווענד אַדורכלאָזען און נישט קומען:

אין די איינזאַמע שטונדען אין מיין גרויס אומעטיג צי-מער פלעגט עס מיך אַהין ציהען, אַהין, אין דעם מיידעלשען געצעלט, וואו באַלד, ביים אַריינקומען, פלעגט דער שוועסטער שאָטען פון אומעט פערשווינדען... די סטודענט׳ין ראַשעל פלעגט מיט מיר רעדען פון ליעבע; און אַ טיעפע ליעבעס-טראַגעדיע האָט פון איהר אַרויסגערעדט, וואָס איך האָב איהר טיעף מיט-געפיהלט. און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַלע ליעבען אויף איין שטייגער און ליידען אויף איין שטייגער, וואָס האָט אַמאָל, און דער טיעף, מיר פערלייכטערט... און דערפאַר טאַ-קי פלעגען מיר אָבזיצען שעה׳ען לאַנג און רעדען, קומענדיג ענדליך צו דעם בעשלוס, צו וועלכען מיר וואָלטען אָן אַ שום רייד באַלד געקומען... דער לעהרער פלעגט מיט מיר רעדען, אַרויסווייזענדיג מיר זיין פעסימיזם פון אַנ׳אַלטען בחור; דער צעהיצטער „אויטאָר" פלעגט רעדען איבער „פלאַטאָניזם" און געזאָגט, אַז ער האָט אַ נייע אידעע פאַר׳ן גאַנג פון מאָדערנעם סאָציאַליזם... נור וואָס דער קינסטלער, סאָלאָן און חנה׳לע פלע-גען אונז אויסלאַכען און פלעגען בעסער זופען דעם טיי דאַן, ווען מיר פלעגען זיך אַרומרייסען מיט אידעען...

—און נאָך אַלעמען זענט איהר דאָך אַליין אַ שענער קינסטלער...—פלעגט זיך ווענדען דער קינסטלער צום אויטאָר— אַז איהר האָט געקאָנט אויסקלערען אַזעלכע קונציגע אידעען, ווי ביי אייך אינ׳ם „גאַנג פון מאָדערנעם סאָציאַליזם"...

דאָס וואָרט „קונציגע" האָט דעם אויטער בעליידיגט און ער פלעגט איהם ענטפערן, אַז ער, דער קינסטלער, פערשטעהט

דאָרט גאָרנישט, אַז ער איז אַ גראָבער יונג...

—און דאָס פּערענטפּערן דאָך אויך אייערע „אידעען...״— פּלעגט דער קינסטלער אַלץ לאַכען.—וואָלט איך געוועזען געבוירען אַ „בורזשוי,״ וואָלט איך געהאַט געלד—וואָלט איך געהאַט ביל-דונג... היינט, אַז די בורזשואזיע האָט פערכאַפּט ס׳געלד—האָט זי פערכאַפּט ס׳בילדונג, און אַזוי ווייטער... און אַזוי ווייטער...

דער אויטאָר פלעגט בלייבען בייז און מאַכען מיט דער האַנד...

# VI.

איינמאָל, ווען איך בין אַריפגעקומען, איז קיינער, אוי-סער חנה׳לען, אין שטיבעל ניט געווען.

אַלץ אַרום איז געווען ווי שטענדיג, נור וואָס אַנ׳אָפּפּע-נער קויש, וואָס איז אין מיטען שטוב געשטאַנען און חנה׳לעס פערוויינטע אויגען האָבען עדות געזאָגט, אַז גאָרנישט לאַנג פאַר מיין אַרויפקומען, איז דאָ עפּעס אונגעוועהנליכעס פאָרגע-קומען.

איך האָב מיך דערמאָהנט, אַז שוין זינט איינינע וואָכען געהט חנה׳לע אַזוי אָפּטער אומעטיג אַרום און אַז ווען איך האָב איהר דעריבער אַ פרעג געטהאָן, איז זי לייכט רויט געוואָרען און, ניט קוקענדיג אויף מיר, געענטפערט:

—איז מען דען שטענדיג פרעהליך ?..

ראַשעל׳ן, ווען איך האָב אַמאָל, ווי צופעליג, אַ פרעג געטהאָן—האָט זי מיר אויך נישט געענטפערט: אַ הויב גע-טהאָן מיט איהרע אַקסלען און עפּעס אַזוי ווי פערדעכטיג גע-שמייכעלט...

איך האָב מיך דערמאָהנט, אַז גאָר-וואָס, ווען איך בין אַהער געגאַנגען, איז סאָלאָן אַרויס פון טויער און זיך געלאָזט

מיט שנעלע טריט פאַראויס, ניט ענטפערדיג צומאָל אויף מיין בעגריסען...

איך האָב יעצט בעשלאָסען צו ענדיגען מיט דעם לאַנגען בעהעלטעניש און שוין איצט, ווען קיינער אויסער איך און איהר זענען אין שטיבעל ניטאָ—געבען זיך איהר צו דערקענען, ווער איך בין...

—איהר זעהט-אויס, חנה׳לע, ווי פערווײנט,—האָב איך אָנ-געהויבען, נעהנטער צוגעהענדיג צו איהר.

—געהט איצט אַוועק...—האָט זי אַ זאָג געטהאָן און גע-קוקט אויף דער ערד.

דאָס ערשטע מאָל איז חנה׳לע אַזוי פאַר מיר געשטאַנען און איך האָב אין איהר דערזעהן עטוואָס קינדישעס, עטוואָס פון יענע ווייטע, ווייטע קינדעריאָהרען אונזערע...

—וואוהין און פאַרוואָס ?..—האָב איך נאָך אַ קורצע פּויזע געפרעגט.

זי האָט ניט געענטפערט.

—חנה׳לע, איהר דערקענט מיך ?..—האָב איך ווידער גע-פרעגט.

איך האָב ערוואַרט איהר, חנה׳לעס, איבערראַשונג פון מיין פלעצליכער פראַגע, אויב זי זאָל אין מיר—אין אַ פרעמדען מענ-שען—דערקענען אַ לאַנג שוין בעקאַנטען, נור זי האָט גלייכגיל-טיג געענטפערט:

—פאַרוואָס זאָל איך אייך ניט דערקענען ?..

מיך האָט איבעררעשט איהר גלייכגילטיגקייט... הייסט עס—האָב איך געטראַכט—אַז זי האָט די גאַנצע צייט געזעהן פאַר זיך אַ מענשען, פון וועלכען זי האָט געוויס געוואוסט, אַז ער קוקט איהר נאָך אויף טריט און שריט און פון וועלכען זי האָט דעריבער אַזוי אָבגעהיט אַלעס, וואָס איז ניט נויטיג ער זאָל וויסען...

—פאַרוואָס האָט איהר עס מיר ניט אַזוי לאַנג געזאָגט ?—האָב איך נאָך אַ ווײלע געפרעגט—און ווי האָט איהר געקאָנט זיין גלייכגילטיג אַזאַ צייט, ווען איהר האָט פאַר זיך געזעהן אַ

מענשען... וועמען איהר געדענקט פון קינדווייז אָן ?..

—פאַרוואָס האָט איהר אייך ניט געגעבען צו דערקענען ?—איהר האָט דאָך מיר באַלד אין ערשטען אָוונד דערקענט...—האָט חנה׳לע געענטפערט.

אין חנה׳לעס אויגען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען און זי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ פערשטיקטען קול. איך בין הין און צוריק אַרומגעגאַנגען איבער׳ן דרייווענטיגען שטיבעל. ערינערונגען איינע נאָך דער צווייטער האָבען געיאָגט וויא פיילען אין מיין מוח, האָבען אויפגעגלאַנצט און ווידער פערפאַלען געוואָרען אין דער נעפעלדיגער פערגאַנגענהייט... אָט האָב איך אונז דערזעהען אין אונזערע ריינע קינדעריאָהרען, און דאָ זעה איך אונז שוין גרויסע, פערזאָרגטע, בייזע...

איך בין געווען איבערפולט מיט ווערטער און האָב ניט געוואוסט וואָס פריהער אָנצוהויבען. באַלד האָב איך אָבער דאָך אָנגעפאַנגען. איך האָב פיעל גערעדט, פיהלענדיג, אַז עס איז אפשר דאָס ערשטע, אַזוי ווי דאָס לעצטע מאָל, ווען איך קאָן אויג-אויף-אויג מיט איהר, מיט מיין ערשטע געליעבטע רעדען. איך האָב איהר דערצעהלט פון מיין ליידען, פון מיין אונגליקליכער ליעבע, און ענדליך פון איהר אַליין... פון איהרע בלאָנדזענדע וועגען...—איך האָב גערעדט...

זי האָט איינגעגראָבען איהר קעפעל צווישעןביידע הענד אויפ׳ן טיש און, קאָנוואולסיוו וואַרפענדיג מיט די אַקסלען, האָט זי הויך געוויינט...

איך האָב אַרויפגעלעגט מיין האַנד אויף איהרע צעוואָרפענע האָר, זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אויסגעווישט די טרעהרען.

איהר פנים האָט אינגאַנצען געברענט.

—שוין פערפאַלען,—האָט זי אַרויסגעזאָגט.

—וואָס הייסט דען שוין פערפאַלען ?—האָב איך איבערגעפרעגט, זוכענדיג אויף איהר פנים די ריכטיגע בעדייטונג פון איהרע ווערטער.

—שוין פערפאַלען...—האָט זי פערשטיקט ווידער אַרויס-

גערעדט און אַ שטראָם טרעהרען האָבען זיך אַ גאָס געטהאָן פון איהרע פערוויטעלטע אויגען.—עס מוז שוין אַזוי געהן...

אַ מינוט איז אַריבער אין פערזונקענעם שווייגען. און פלוצלונג האָב איך איצט דערזעהן דאָס, וואָס די נאַטור האָט שוין ביי חנה׳לען מעהר ניט געוואָלט בעהאַלטען... און שווער האָב איך מיר אַראָבגעלאָזט נעבען איהר אויפ׳ן קויש— — — — —

ווי אַ קאַלטער שטראָם איז מיט אַמאָל אַדורך מיינע אַלע גלידער. חנה׳לע האָט נאָך עפּעס צו מיר גערעדט, נור איך האָב שוין איהר ניט געהאָרכט... אַ פרעמד געפיהל האָט איך פערשטיקט. איך האָב חנה׳לען פּלוצלונג דערזעהן אין אָבגרונד, פון וואַנען איך וויל איהר נאָך איצט אַרויסציהען... נור זי וויל מיט מיר ניט געהן... און לאַנג זענען מיר אַזוי געזעסען שטילשווייגענד. זי האָט אָנגעשפּאַרט איהר צעהיצט קעפּעל אויף מיין אַקסעל און אָהן אויפהער האָבען זיך ביי איהר טרעהרען געגאָסען, געפּאַלען אויף מיין אַקסעל און הייסע זיך אַראָבגעקוילערט אויף מיין האַנד... און זיי, די טרעהרען, האָבען מיך איצט געקיהלט... איך האָב אין זיי פאַר אַלע ליידען מיינע אַ נקמה געפונען... דאָס זענען געווען טרעהרען, קענטיג, שוין לאַנג אָנגעקליבענע און גלייכצייטיג האָבען זיי מיך ביז דער נשמה גערירט: חנה׳לע זי, מיין ערשטע ליעבע—זי האָט אַזוי ווייט פערבלאָנדזעט און איצט אַזוי פיעל טרעהרען!..

— — — — — — — — — — — —

עס אנז שוין געוואָרען גוט פינסטער.

מיר זענען אַלץ געזעסען שטיל, יעדער פערטראַכט אין זיינע געדאַנקען, און נור וואָס צייטענווייז האָט אַ טיעפער שלוכץ זיך פון וועמענס ברוסט אַרויסגעריסען...

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ געטרעטעריי אויף די טרעפּ ווי פון עטליכע פערזאָן. חנה׳לע האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר אָרט און באַלד זענען אַריין אין טיר—ראַשעל, סאָלאָן און דער אויטאָר.

מיר האָבען זיך שטום בעגריסט.

ראַשעל האָט אָנגעצונדען דעם גרויסען נאַפט-לאָמפּ. זי-

האָט אַראָפּגעוואָרפען איהר שוואַרץ „זשאַקעטעל“ און ס׳קליינע שוואַרצע היטעלע, וואָס זי האָט געטראָגען צוגעשפּילעוועט מיט אַ קורצע דראָהט-שפּילקע צום קאָפּ. דער אויטאָר האָט אַראָפּגעוואָרפען זיין אָבגעטראָגענעם איבער-ראָק און זיך אַראָפּגעלאָזען אויפ׳ן זייטיגען בעטעל. נור סאָלאָן איז געבליבען שטעהן אין מיטען שטיבעל, ניט אַראָפּציהענדיג זיין שוואַרצען איבער-מאַנטעל.

—וואָס איז אייך?—האָט ראַשעל אַ פרעג געטהאָן חנה׳לען, קוקענדיג אויף איהר פערפלאַמט פּנים. איך האָב בעמערקט סאָלאָנס בליציגע אויגען, ווי ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר... ער האָט זיך אומגעדרעהט און זיך אַראָפּגעלאָזען צום אויטאָר אויפ׳ן קויש, רעדענדיג ווי פאַר זיך:

—אומעטום מיט פראָוואָקאַטאָרען אויסגעזייהט, וואו מען דרעהט זיך... און פון וואַנען קענסטו וויסען? ווי די שפּינען אין די ווייטסטע ווינקעלעך פערקריכען זיי...

—אַלעס איז ביי אונז דאָ,—האָט דער רויטער געזאָגט פערטראַכט.—עס זענען דאָ שפּיאָנען, עס זענען דאָ פראָוואָקאַטאָרען...

—עס איז אָבער דאָ שוין אונמעגליך ווייטער צו בלייבען!..—האָט סאָלאָן גערעדט, וואַרפענדיג אָהן אויפהער בייזע בליקען אויף מיין זייט...

—מיינט איהר מיך ניט אין אייערע רייד?—האָב איך געפּרובט לאַכענדיג אַ פרעג טהאָן, זיך ווענדענדיג גלייך צו סאָלאָנען.

סאָלאָן האָט שטאַרק געקוקט פאַר זיך, בייסענדיג זיינע ליפּען. איך האָב דערשפּירט, אַז דאָ דאַרף עפּעס באַלד פאָרקומען.

—טאָ וואָס קומט איהר, וואו איך בין?—האָט ער איינפאַך מיך געפרעגט.

—ווייל איהר האָט דאָס מיידעל פערפיהרט!..

דאָס לעצטע האָב איך אַרויסגערעדט מיט אַ קוים געכאַפּטען אָטעם.

אין שטיבעל זענען אַלע אויף אַ ווײלע געבליבען שטום פון ערוואַרטונג. סאָלאָן האָט געחאָלט, קענטיג, מאַכען עפּיס אַ בעוועגונג, נאָר ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען...

באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבען און שטום אַרויסגענו- מען פון אונטער'ן גאַרטעל אַ קליינעם „ברוינינג.”

ס'איז געוואָרען אַ געדרודער: ראַשעל איז צו און, אָנכאַ- פּענדיג פאַר'ן רעוואָלווער, האָט זי געשריען:

—מען וועט דאָך אונז אַלעמען אַרעסטירען !..

חנה'לע, בלאַס ווי דער טויט, האָט אַרויפגעוואָרפען אויף מיר מיין פּאַלטאָ און גלעטענדיג מיך, האָט זי געבעטען, איך זאָל אַ היים געהן—איהר וועט שיין בעסער ניט מאַכען, עס איז שוין אַריבער,—האָט זי זיך ביי מיר געבעטען.

—און זי וויל, איך זאָל דאָ בלייבען...—האָט סאָלאָן גע- רעדט, אַריינרוקענדיג צוריק אונטער'ן גאַרטעל זיין רעוואָלווער...

אין אַ צייט אַרום בין איך אַרויס פון שטיבעל.

—איינמאָל פאַר אַלע מאָל, האָב איך מיר געטראַכט,—לאָז עס געהן ליבערשט אויף אָפען !..

אין דרויסען איז געפאַלען אַ ווייכער גרויסער שניי און האָט געקיהלט מיין דערהיצט פּנים...

---

# VII.

פון אונזערע חברים זענען אַלע מאָל ווינציגער געוואָ- רען. פון צייט צו צייט פלעגט מען אומגעריכט עמיצען אַרעס- טירען אַזוי, אַז אַלע האָבען געזעהען, אַז דערמיט פיהרט אָן עפּיס אַ געהיימע האַנד און זיך געהיט איינער פאַר'ן צוויי- טען.

איך האָב אויפגעהערט אַזוי אָפט צו קומען אין שטיבעל אַריין, אויסמיידענדיג זיך צו טרעפען מיט סאָלאָנען, וועל-

כּען איך האָב פיינד געקראָגען מיט מיין גאַנצען האַרצען. איך האָב ביי מיר פון יענעם אָווענד אָן פעסט בעשלאָסען, אַז נאָר ער, סאָלאָן, איך דער בייזער שפּיאָן, אַ פראָוואַקאַטאָר און אַנ'אונ׳-ברחמנות'דיגער פערפיהרער פון חנה'לען: און דאָס לעצטע האָב איך דאָך שוין אויף בעשטימט געוואוסט...

ס'פלעגט טרעפען, איך פלעג רעדען מיט מיין פריינד, דעם פאַבריקס-אַרבייטער, און פלעג איהם האַלב ווארויסזאָגען מיינע מיינונגען און פערדאַכט איבער סאָלאָנ'ען, נאָר ער פלעגט האַס-טיג שאָקלען מיט'ן קאָפּ אויף „ניין"...

חנה'לעס צוקונפט האָב איך מיר פון יענעם טאָג אָן אָנ-געהויבען פאָרשטעלען אין שוואַרצע פאַרבען... שוין צו ווייט איז זי געוועזען פערגאַנגען, אַז איך זאָל זי קענען צוריקציהען... און נאָר אָפטמאָל פלעגט אַ טרעהר פון אויג פאַלען ערגעץ אין אַנ'איינזאַמען ווינקעל איבער חנה'לעס שיקזאַל... מיין ערשטע ליעבע... און פלעג פריה, איידער סאָלאָן קומט, זיך לויפען דערוויסען, וואָס עס הערט זיך אין שטיבעל...

איך פלעג אַמאָל אַליין בלייבען מיט חנה'לען. דעמאָלט פלעג איך איהר זאָגען אַלעס, וואָס איך קלער וועגען איהר און וועגען סאָלאָנ'ען... „עס איז נאָך ניט אַזוי"... פלעגט זי ענט-פערן, ניט אויפהויבענדיג דאָס קעפּעל פון דער מאַשין...

VIII.

איינמאָל, ווען איך בין געווען אין מיין צימער, עפענט זיך די טיר האַסטיג אויף און עס לויפט אַריין מיין פריינד, דער אַרבייטער, בלייך, און אין אַ אָבגעריסענעם אויבעררעקעל.

איך האָב געזעהן, אַז דאָ איז עפּיס אונגעוועהנליכעס פאָר-געקומען.

—וואָס איז געשעהן ?—האָב איך איהם אונגעדולדיג אַ פרעג געטהאָן.

—ס׳איז נישט גוט... אַלע געגומען... חנה׳לע... איך האָב מיך קונציג אַרויסגעדרעהט...

—וואָס חנה׳לע? —האָב איך נאָך אונגעדולדיגער געפרעגט, שוין פערשטעהענדיג, אַז דאָ איז מיט איהר עפּיס פּאָרגעקומען.

—חנה׳לע איז ניטאָ!—האָט ער אַרויסגעזאָגט.

—דערצעהל פון אַנ׳אָנהויב!—האָב איך איהם בעפוילען.

—וואָס פאַר אַנ׳אָנהויב... אָהן אַנ׳אָנהויב...

ביסלעכווייז האָט מיר מיין פריינד דערצעהלט, אַז חנה׳לע איז פון גאַנץ פריה שוין ניט געווען. זי איז אַוועק קענטיג ביינאַכט און מען איז פלוצים בעפאַלען און מ׳האָט אַלע פערנומען, אַלע: סאָלאָנ׳ען, דעם אויטאָר, אַלע, און אַז מען האָט גאָרניט בעמערקט: חנה׳לע האָט איהרע זאַכען אויך מיט-גענומען... אַ צייט לאנג זענען מירביידע געבליבען שטיל: איך איבערראַשט, און מיין פריינד מיעד און צעשראָקען...

—הערס איך איין, מיין פריינד,—האָב איך נאָך אַ לאַנגער פויזע אָנגעפאַנגען—אויב איהר האָט אייך צוגעקוקט די גאַנצע צייט צו דעם, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען צווישען חנה׳לען מיט סאָלאָנען, איך האָב מיר גוט צוגעקוקט; אפשר, ווייל עס בעריהרט מיין אייגענליעבע. אַלזאָ, עס ווייסען אַלע, אַז סאָלאָן האָט חנה׳לע׳ן געליעבט, נור ניט אַלע ווייסען, אַז זיין ליעבע איז שוין לאַנג פאַרביי, אַז ער האָט איהר אָבגענאַרט אויפ׳ן גרויזאַמ-סטען אופן, און נור איך האָב געקאָנט זעהן די טרעהרען פון פערצווייפלונג פון דעם אָבגענאַרטען מיידעל... און איך בין איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס איז יעצט פאָרגעקומען, איז ניט וואָס אַנדערש, ווי אַנ׳אַקט פון נקמה פון איהר אַליין! איך קען דעם פלאַם פון אָט די עלענדע—זי וועט איהר שאַנד ניט שווייגען!..

מיין פריינד האָבען מיינע ווערטער איבערראַשט און ער האָט געקוקט אויף מיר מיט שטאַרק געעפענטע אויגען.

—זי וועט אפשר דערצעהלען, אַז ער האָט זיך בעטיי-ליגט?..—האָט ער געפרעגט, קוקענדיג אויף מיר מיט תמ׳עוואַ-

טע אויגען, פונקט ווי איך וואָלט עס אויף זיכער געוואוסט...
דאָס וועט מען ערשט וויסען... נור איך מיין, סאָלאָנ'ען וועט מען באַלד בעפרייען, איהר וועט עס זעהן!—האָב איך געזאָגט.

—אָבער עס גלויבט זיך עפּעס ניט...—האָט מיין פריינד ווי פאַר זיך שטיל גערעדט.—יאָ, ער וויל די צייטען אַוועק צוריק נאָך פּאַריז... לאָזט זי איהם ניט... און איינמאָל, שטעהענדיג אונטער'ן טיר, האָב איך דערהערט איהר וויינענדיג:

—„אָבער וואו וועל איך אַהינקומען?"—איך בין אַריין, איז זי געלעגען אויפ'ן בעטעל, פערשטעלענדיג זיך ס'פּנים מיט די הענד און סאָלאָן האָט זיך געקליבען אַוועקצוגעהן...

מיין פריינדס ווערטער זענען פאַר מיר קיין נייעס ניט געווען. איך האָב געקלערט וואָס מען הויבט יעצט אָן צו טהאָן?..

—קומט!—האָב איך מיין פריינד געזאָגט.—לאָמיר זעהן, וואָס עס הערט זיך.

מיין פריינד האָט מורא געהאַט.

—שוין לאַנג, ווי מען האָט פערנומען?—האָב איך געפרעגט.

—אַ שעה דריי.

—איז שוין סאָלאָן געוויס בעפרייט!..—האָב איך איהם צוגעזאָגט. מיין פריינד האָט נייגעריג אויף מיר געקוקט.

—עס קאָן ניט זיין—האָט ער געזאָגט מיט אַ האַלבען שמייכעל און אָנגעהויבען קוקען אַ ביסעל פערדעכטיג אויף מיר...

ענדליך זענען מיר אַראָב אין גאַס, וואו מיר האָבען באַלד צופעליג דערזעהן ראַשעל'ן.

—ראַשעל!—האָט דערפרעהט נאָכגעשריגען מיין פריינד.

ראַשעל איז שנעל צוגעקומען. איהרע אויגען האָבען מיט טרעהרען געגלאַנצט פאַר שמחה.

—ער איז געווען...—האָב איך אָנגעוויזען אויף מיין פריינד.

—נו, ווי?..—האָט זי געפרעגט.

—אַרויסגעקריגען זיך...—האָט ער שטילערהייד געענטפערט.

—און וואו זענט איהר געוועזען און וואָס איז יעצט?—האָב ראַשעל׳ן געפרעגט.

ראַשעל האָט מיר דערצעהלט, אַז זי איז אַ גאַנצען טאָג אין שטוב ניט געוועזען און אַז זי זוכט חנה׳לען, וואָס איז פערפאַלען געוואָרען אַזוי פּלוצלונג און אונפערשטענדליך.

מיר האָבען נאָך אַ צייט אַרומשפּאַצירט איבער די גאַסען, קלערענדיג, צי זאָל ראַשעל אַרויפגעהן אין שטיבעל, צי ניין... נור באַלד זענען מיר געוועזען פאַר׳ן טויער.

אויפ׳ן טראָטואַר איז קיינעם ניט געוועזען צו בעמערקען. שטעהענדיג ביים אַזוי בעקאַנטען טויער, האָט אַן׳אונבּעוואוסטער געפיהל מיך אַ ציה-געטהאָן אַרויף אינ׳ם בעקאַנטען שטיבעל אַריין און עס האָט זיך איינפאַך ניט געוואָלט גלויבען, אַז זי, חנה׳לע, זאָל שוין מעהר דאָרט ניט זיין...

איך בין אַריין אין טויער: ראַשעל און מיין פריינד האָבען מיר צוריק גערופען. איך האָב מיך אָפּגעקעהרט.

—וואוהין לויפט איהר?—האָט ראַשעל גוטמוטיג געפרעגט— איהר האָט גאָרניט מורא, מען זאָל אייך אַרעסטירען?..

איך האָב פערשטאַנען, אַז איך ציה דאַמיט אויף מיר פערדאַכט.

—מען היט דאָך געוויס אָב כ׳וואוינונג,—האָט מיין פריינד צוגעגעבען אין דער שטיל.

—עפּ׳ס ציהט מיר אַזוי אין דעם שטיבעל אַריין... איך דאָס ליעבע חנה׳לע... מיר דאַכט, אַז מיר מוזען זי דאָרט [illegible] ווידער טרעפען...

איבער מיין פריינדס געזיכט איז אַריבער [illegible]...

אַך, איהר האָט זי געליעבט!..—האָט ראַשעל [illegible] בעוואונדערנדיג מיך.—איך ווייס עס שוין לאַנג... [illegible] איערע אויגען גלאַנצען טרעהרען...

אַנ׳אונגליקליכע ליעבע!—האָב איך צוגעגעבען...

... ר אַלע געבליבען פערטראַכט, יעדער,
אין זיין וועלטעל.

—מיט אַזעלכע געה איך!—האָט ראַשעל פלוצלונג אויסגע-
רופען,—און מוטיג מיך גענומען אונטער׳ן האַנד.

מיר זענען אַלע אַרויפגעגאַנגען, און ווען מיר האָבען אויפגעמאַכט די טיר, האָבען מיר דערזעהן: ביים טישעל איז געזעסען סאָלאָן און אַרום איהם עטליכע יונגעלייט מיט אַראָב-
געדרוקטע היטלען און בליציגע אויגען, וועלכע מיר האָבען נאָך ערגעץ ניט בעגעגענט.

—סאָלאָן!.. —האָט ראַשעל אויסגעשריגען פאַר גרויס פרייד, ניט קענענדיג מעהר אַ וואָרט אויסרעדען.

—ווי אַזוי?.. —האָט מיין פריינד געפרעגט פערוואונ-
דערט.

סאָלאָן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד:
—איהר ועט שוין אַ מאָל וויסען...
ער איז געוועזען האַלב שיכור...

—אייער חנה׳לע איז אַ פּראָוואָקאַטאָרשע, אַ שפּיאָן. זי האָט אַלעמען אַרעסטירט!—האָט זיך פלוצלונג געווענדט צו אונז איי-
נער פון דער קאָמפּאַניע.

—איך האָב שוין יעצט אַלעס פערשטאַנען... אַ שטום גע-
פיהל האָט זיך אין מיר געוועקט און עס האָט פאָראויס גע-
זאָגט אַ שטורעם. איך בין געוואָרען גרייט אויף אַלעמען.

—איהר שפּיאָנען, איהר פּראָוואָקאַטאָרען, וואָס זיצט איהר נאָך דאָ? נעהמט אונז בעסער!.. האָב איך כמעט ווי אומבע-
וואוסטזיניג געשריגען.

ראַשעל און מיין פריינד זענען בלייך געוואָרען, בלייבענ-
דיג פערגליווערט פון ערוואַרטונג, נור זיי אַלע צוזאַמען און
איך סאָלאָן האָבען אַ וואָרט ניט געענטפערט—זיי האָבען שטיל
געלאַכט!..

—עס איז צייט, לאָמיר געהן!—האָט איינער געזאָגט פון
דער קאָמפּאַניע.

סאָלאָן האָט זיך אויפגעהויבען און שטום אַרויסגעגאַנגען און נאָך איהם די גאַנצע קאָמפּאַניע...

אין שטיבעל איז געוואָרען שטיל און אַ שווער, שווער געפיהל האָט יעדען געפּרעסט דאָס האַרץ...





# די ווירטואָזין.

(ערינערונגען פון אַ מאָלער).

אינדערפריה, ווען מיר פלעגען אויפשטעהן, פלעגט אַ דיקער אייז ליעגען צעשמאָלצען איבער די שויבען פון דעם ברייטען ווענעציאַנישען פענסטער פון אונזער אַטעליע, און אין האַרצען פלעגט זיך אַריינגיסען אַנ׳אומעט, קוקענדיג אויף די גרויע, אומעטיגע, טונקעלע שויבען. מיר זענען געווען אַזוי אָרים, אַז גאַנצע וואָכען פלעגען מיר ניט אַרבייטען בלויז, ווייל עס האָט געפעהלט מיט וואָס צו אַרבייטען. און דאָ איז געשעהן דער גרויסער סיורפריז. וואָס עפּעס אַ גוטער גאָט האָט פאַר אונז, אָרימע קינסטלער, געמאַכט: עפּעס אַ בילדעל אונזערס, וואָס איז ווען געקויפט געוואָרען פון אַ מאַגנאַט, האָט אונז פערשאַפט דאָס גליק בעקאַנט צו ווערען אינ׳ם הויז, פון וועלכען איך וויל דאָ דערצעהלען.

איך בין רעפרעזענטירט געוואָרען פון עפּעס אַ הויכען דיקען הער פאַר אַ נידעריג-געוויקסיגער דינער דאַמעלע, וועלכע האָט געבעטען — „די עהרע צו האָבען געמאָהלט צו ווערען פון אַזאַ בעריהמטען מאַלער, ווי איך...“ און איך האָב דאַבּיי בעטראַכט מיינע אָבגעריבענע קניה פון די הויזען און מורא געהאַט צו ווייזען מיינע אַרבעל מיט די ניט גאַנץ זויבערע מאַנקעטען...

צוזאַמען מיט מיר איז [illegible] חבר, אַ מוזיקער, איינגעלאַדען געוואָרען אין דעמזעלבען [illegible] אויף די פעריאָדישע מוזיקאַלישע אָווענדען, וועלכע פלעגען דאָ פאָרקומען אַלע זונטאָג. דער ריעזיגער זאַל פלעגט דאַן פינק[illegible] פון די פיעל עלעקרישע לעמפלעך, וואָס האָבען אָבגעגלאַנצט אין די בריליאַנטען פון די דאַמען-אוירינגלעך, שפיגעל און קרישטאָל-שטיקער. אין אַזאַ אָווענד פלעגט דער זאַל פערוואַנדעלט ווערען אין עפעס אַ קינסטלער-פונקט. עס פלעגען קומען די בעריהמטעסטע שניצער, מאַלער, מוזיקער, אַזוי, אַז ווי נור עפעס האָט בעדאַרפט ערשיינען פון אַ העכערער קינסטלערישער האַנד, פלעגט דאָ פריהער בעררעדט ווערען, קריטיקירט און געלויבט ווערען, און פאַר אונז, מוזיקער און מאַלער, איז דעריבער דער בעסטער צופאַל געווען דאָס איבערטרעטען פון דעם הויז.

---

דער זונטאָג איז געווען אַ שנייענדיגער מאוסער טאָג. אין דרויסען איז געווען אַזוי קאַלט, אַז פאַרנאַכט-צייט, ווען מיר האָבען געוואָלט אַהין געהן, אינ'ם ניי-בעקאַנקען קינסטלער-הויז, האָט אונזער מאָדעלקעס-הונד אַפּילו ניט געוואָלט נאָכלויפען...

לאַנג האָבען מיר זיך געקליבען און יעצט האָבען מיר זיך אַרומגעזעהן, אַז קיין זאַך האָט ניט ווי געהעריג אויף אונז געפּאַסט.

—ווייסט, זיגמונד, אַז מיר זעהען-אויס ווי גנבבים—האָט מיין חבר מיר געזאָגט,—אַלץ ליעגט ווי ניט אויף אונז געמאַכט געוואָרען... און ווירקליך איז זיין פּאַלטאָ געווען אַזוי ברייט און קורץ, אַז ער האָט אויסגעזעהן אין איהם ווי איינגעוויקעלט און די הויזען האָבען זיך אין שמאָרקע קנייטשען צונויפגעלאָזען אויף אַמאָל [illegible] [illegible]. ביי מיר ווידער איז דער הוט געווען אַ ברייטער מיט אַ קיילעכיגער פערטיעפונג אין געשטאַלט פון אַ היבש טעפעל, וועלכעס האָט מיר געגעבען אַ קאָמישען אויסזעהן.—איך האָב מיר אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס דעם הוט נעהמט מען דאָך סיי ווי סיי אַראָב... ערגער איז עס אָבער געווען

מיט די עלענבויגענס, אויף וועלכע עס האָבען זיך אַרויסגעזעהן שטיקלעך ווייסע לייווענד פון די אַרבעל-אונטערנייהעכטס...

—און ביי מיר איז אויך אַזוי,—האָט מיר מיין חבר אָנגעוויזען אויף די אַרבעל פון זיין רעקעל—נאָך איינגאַנצען אַ נייער בגד, נור וואָס די אַרבעל האָבען דאָ צוויי קליינע לעכלעך...

מיין חבר האָט דערביי ענטוויקעלט זיינע אַנ׳עקסטראַ פילאָזאָפישע טעאָריע, וועלכע האָט בעהויפּטעט, אַז אַלץ איז בלויז געווענדעט פון „צאָהל און בעוועגונג” אָבער ניט—פון קאָלאָריט!.. און עס איז טאַקי אַ גרויסער אונזין ביי איהם געווען, וואָס עס אַרט וועמען, אַז ביי מיר זענען די אַרבעל פון געמישטע קאָלירען...

ענדליך זענען מיר פערטיג געוואָרען: מיט דער קליידונג זענען מיר שטענדיג ווי-ניט-ווי אויסגעקומען... פיעל האָט אונז אין דעם אַרויסגעהאָלפען די אַרויפגעקומענע מאָדעלקע. זי האָט פערצירעוועט ביי מיין קאָלענע דעם עלענבויגען און ביי מיר פערריכט דעם קראַוואַט. עס איז בלויז דאַן געבליבען מיט די שיך, וועלכע מען האָט מיט אַ ביסעל געדיכטען שוואַרצען פאַרב, אָנשטאָט שוהוואַקס, אָבגעשמירט.

—דו ווייסט, מיר זעהען אויס, ווי אמת׳ע פּאַצעטען,—האָט צו מיר מיין חבר ערנסט געזאָגט, קוקענדיג אין קליין [illegible]-געלע, וואָס האָט קוים בעוויזען די מאָרדע מיט אַ [illegible] נאָז.

—מיר זענען דאָך עפּעס פערבעטען צו [illegible], ווי קען דען אַנדערש זיין...—האָב איך געענטפערט, און ביי [illegible] האָבען מיר זיך געלאָזט רוישיג פון די טרעפּ.

ווען מיר זענען אַריין אין סאַלאָן, זענען שוין [illegible] [illegible] אויף די ערטער. מיך האָט הערצליך אויפגענומען דער [illegible] [illegible] [illegible] קליינעם ווייב, ווען מיין חבר האָט [illegible]-[illegible] [illegible] הויז-מוזיק-לעהרער. דער הויכער הער האָט [illegible] אָנגעוויזען [illegible] [illegible] [illegible] טאַבורעטען, וואו מיר האָבען [illegible] [illegible] [illegible] דער [illegible] פון [illegible]

דאַמען-בינאָקלען. אַרום האָבען העל געבּרענט די קאַנדעליאַבּרען, וואַרפענדיג אַ ווייכען שיין אויף די גלאַט-געראַזירטע מענער-געזיכטער און אויף די ווייסע ווייט-דעקאָלטירטע דאַמען-העלזער. פון ווייטען ביים וואַנד איז ברייט געשטאַנען אַ גרויסע פּיאַני-נאָ, איבער וועלכער עס האָט ערנסט אַראָבגעקוקט דער גרויסער קאָפּ פון בעטהאָווען. באַלד זענען אַדורכגעגאַנגען צוויי יונגע דאַמען אין דער בעגלייטונג פון אַנ׳עלטערן הער. דורך דעם פרייען וועג צווישעןביידע העלפטען שטוהלען זענען זיי דורך גלייך צו דער פּיאַנינאָ צו. די לופט איז פּלוצלים פול געוואָ-רען פון אַפּלאָדיסמענטען.—ראַפּפּאָטיאָ—האָט מיר איינגערוימט דער הויכער מאַן, וואָס איז נעבען מיר געזעסען—אַנ׳איטאַליע-נער, ער טרעט די וואָך אַרויס און אונזער אָפּערע.

—און די צוויי ?—האָב איך געפרעגט,—ווייזענדיג אויף די צוויי יונגע דאַמען.

—מיינע שוועגערינס. זענט איהר נאָך ניט בעקאַנט ?

—ניין,—האָב איך געענטפערט.

—צוויי מוזיקערינס : נור אָפטער טרעט די אַרויס, וואָס געהט יעצט לינקס,—האָט ער ווייטער גערעדט מיר אין אויער אַריין.

איך האָב איהר בעטראַכט. זי איז געוועזען איינע פון די העלע בלאָנדינקעס, וואָס נור אפשר איבער׳ן ווייכסעל זעהט מען אַזעלכע : אַ צאַרטע און אַ שלאַנקע. געאָרעמט מיט דער צוויי-טער, האָט זי זיך שנעל פאַרבייגעטראָגען צווישען די געסט און זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער פּיאַנינאָ. באַלד האָט דער איטאַ-ליענער אַראָבגענומען אַ הענגענדע פּיעדעל און דערלאַנגט דער בלאָנדינקע. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און פערנומען אָ פּאָזיציע ווי צום פּיעדעל שפּילען און דער איטאַליענער ביים פּיאַנינאָ. דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעפאַנגען.

—וואָס זאָל עס זיין ?—האָט מיין חבר אַ פרעג געטהאָן דעם גרויסען הער.

—קאָמפּאָזיציע,—האָט ער שטיל געענטפערט.

ברויזענד האָבען אַ הילך געטהאָן אַקאָרדען, לאַנגע דונע-

רענדע, דורכגעוועבט מיט עפּעס אַ ווייכען לייט-מאָטיוו, וועל-כער איז אַלעמאָל פּערפּאַלען געוואָרען און צוריק אַרויסגעשוואו-מען.

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבען סאָלאָ אויף פּיעדעל. אַ פּאַרביגער רייץ האָט בעדעקט דאָס פּנים פון דער בלאָנדינקע, גלייך און פריי האָט זי געצויגען איבער די סטרונעס פון פּיע-דעל. איהרע לאַנגע בלאָנדע צעפּ האָבען זיך ווי העלע שלאַנ-גען נאָכגעוועגט נאָך יעדער בעוועגונג איהרער און צוזאַמען מיט די ראָזו-זיידענע פאַלדען פון די קליידער געשאַפען איין גאַנ-צעס, וואָס האָט צוגעשמיעדט דאָס אויג. פון צייט-צו-צייט האָט איהר דער איטאַליענער בעגלייט, בלאָנדזענדיג מיט די פינ-גער איבער דער ווייסער קלאַוויאַטור, און דאַן האָבען טענער ווייכע, צאַרטע זיך צעטראָגען, צעגאָסען זיך אין דער האַלב-דונקעלקייט פון סאַלאָן. דער ווייכער לייט-מאָטיוו האָט זיך דאָ פערביטען אין אַנ׳אונאויפהערליכע טענער-האַרמאָניע, וואָס האָט געהויכט מיט אַ טיעפער, טיעפער בענקשאַפט—אפשר נאָך די פער-לאָזטע שענע אַפּענינען? אָדער וואָס אַנדערש?—ווער ווייס... גענוג, אַז ניט איין גאַסט האָט געמאַכט אַזאַ נאַריש געשטאַלט, אַז מיר האָט אויסגעוויזען, ווי איך וואָלט געוועזען אויף אַ זעל-טענער קאַריקאַטור-אויסשטעלונג. אויך מיין חבר האָט אויסגע-גלאָצט, וויפיעל ער האָט נור געקאָנט, די אויגען, אָדער האָט זיי איינגעקורטשעט, צוגעמאַכט, וואָס האָט מיך פיינליך געשטוי-סען צום לאַכען.

באַלד איז געוועזן דער פינאַל. די מוזיק האָט איבערגע-ריסען אַזוי ווי דאָס פּלאַצען פון אַ זיידענע שנירעל און צוזאַמען מיט די הייליגע אַפּלאָדיסמענטען איז דער זאַל פול געוואָרען מיט דעם העלעם ליכט פון די קאַנדעליאַברען.

—בראַוואָ! ביס!—האָבען שטימען גערופען.

דער איטאַליענער און די בלאָנדינקע האָבען זיך גענויגט, געבוקט, נור דאָס רופען האָט אָבער ניט אויפגעהערט. אַפילו מיין חבר, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען ווי אין הינער-

פלעט, האָט פלוצלונג אויפגעוואַכט און אויפ'ן גאַנצען האַלז געשריגען:

ביס! ראַפּ... ראַפּעל... ראַפּפּאָטיאָ! ביס!..

און ווידער האָבען זיך די קאַנדעליאַבּרען פערלאָשען. און אין זאַל איז געוואָרען שטיל און ווידער זענען טענער געפלאָסען, זיסע, שטילע, האָבען זיי זיך צעטראָגען אין דער דונקעלהייט, אָבּשלאָגענדיג זיך ערגעץ אין הויכען סופיט און ווידער זענען אַנדערע אַרויסגעשוואומען שוין ברויזענדער, אָבּער אַדורכגעפלאָכטען מיט דעם קוים מערקבּאַרען זיידענעם פאָדעם, וואָס איז דאָ פערפאַלען געוואָרען, דאָ אַרויסגעשוואומען. אינגאַנצען בּעלויכטען פון גרינעם אבּאַזשור בּיי דעם פּיאַנינאָ-ליכט, האָט די שפּילערין אויסגעזעהען יעצט פאַנטאַסטיש, און ווען זי האָט זיך מאָל נאָך מאָל איבּערגעבּויגען, האָבען איהרע האָר אויפגעפלאַמט מיט אַ גרינליכע אורעאָליע. דאָס אויג, ווי דאָס אויער האָבען זיך געשפּירט געפאַנגען און דאָ האָבּ איך געזוכט די קוועלע פון דער האַרמאָניע, דעם וועקסעל פון ליכט און שאָטען, פון טאָן און פאַרבּ, וועלכע האָבען זיך געבּיטען אויף איהר ווי אויף אַ וואונדערבּאַרען קאַמעלעאָן. איך האָבּ דערפיהלט די גאַנצע נישטיגקייט פון אונזער קראַפט: עס איז געווען די גרויסע וואינדערבּאַרע פעראייניגונג פון ליניע און פאַרבּ, שאָטען און ליכט אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט, פאַר וועלכער יעדער קינסטלער דערפיהלט אַ טיעף עהרע-געפיהל. איך האָבּ געוואָלט, אַז אונענדליך זאָל זיך פערציהען אָט דאָס וואונדערבּאַרע ליכט און קלאַנגען-שפּיעל, וואָס האָט יעצט אַזוי אַלעמען אַרומגעכאַפּט... נור דאָ האָט די מוזיק איבּערגעריסען. העל האָבען זיך ווידער פערשטראַהלט די ריעזיגע קאַנדעליאַבּרען און דער זאַל האָט פערהילכט פון אַפּלאָדיסמענטען. עס איז אַ לענגערע פויזע, וועלכע האָט בּעדאַרפט פערענדיגט ווערען מיט'ן אויפטריט פון אַ צווייטען קינסטלער. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבען די געוועהנליכע בּעוועגונג פון די פויזע-מינוטען. די געסט זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער און האָבען זיך געלאָזט אין דערבּייאיגען סאַלאָן אַריין. דער הויכער

הער האָט מיך אַ נעהם געטהאָן אונטער'ן אָרעם מיט איין האַנד און זיין קליינער דאַמע מיט דער צווייטער; איך האָב ווידער גענומען מיין חבר און אַלע האָבען זיך געלאָזט געהן פאָראויס אין דער ריכטונג פון צווייטען זאַל, וואָס האָט פאַרבייגעפיהרט פאַר דער פיאַנינאָ. ניט ווייט זענען דאָ געזעסען די בלאָנדע ווירטואָזין מיט דער ברונעטער פריילין, וואָס האָט איהר אַריינגעפיהרט. דאָס פנים פון דער ווירטואָזין איז געווען רויט־ליך, פערפלאַמט און האָט צוזאַמען מיט עפּעס אַ פערזאָרגטער מעלאַנכאָליע, וואָס האָט געקוקט פון איהרע פערנעפּעלטע אויגען געשאַפען עטוואָס זעהר אָריגינעלעס, וואָס איז שווער געווען מיט אַ נאָמען אָנצורופען. ניט ווייט איז געשטאַנען דער איטאַליענער קאָמפּאָזיטאָר, אָנגעשפּאַרט ביי אַ מאַרמאָרנער ברוסט פון מאָניושקאָ. זיין פנים פון אַ קאָליר עהנליך צו שוואַך־אויסגעברענטען ציעגעל, איז געווען לענגליך און האָט זיך בע־מערקט מיט זיינע פייעריגע שוואַרצע אויגען און ווי ביי אַ אָדלער—פערשפּיצטע נאָז...

מיר זענען רעפּרעזענטירט געוואָרען...

—קראָנובנא!—האָט געזאָגט די בלאָנדע ווירטואָזין, דער־לאַנגענדיג מיר איהרע צאַרטע פינגערלעך און בעשענקט מיט אַ קוים מערקבאַרען שמייכעל.

—ראַפּפּאָטיאָ!—האָט געזאָגט דער איטאַלענער.

באַלד האָבען מיר זיך אויך אויסגעטוישט מיט די נע־מען מיט נאָך עטליכע הערן און דאַמען, וואָס האָבען אונז, מיר מיט מיין חבר, בעווילליגט זייערע צאַרטע הענד צו רייכען מיט גרויס ערנסטקייט. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף מיין חבר, וועלכער האָט מיט אַזאַ פּאָר אויגען געקוקט אויף דער ווירטו־אָזין, אַזוי ווי ער וואָלט איהר וועלען אַנ'עין־הרע געבען. און דאָ האָט איהר דאָס צווייטע פריילין, וואָס האָט איהר די גאַנ־צע צייט געפיהרט אונטער'ן אָרעם—אַריבערגעוואָרפען די האַנד איבער'ן אַקסעל און לאַכענדיג, איהר איינגערוימט עפּעס אין אויער. די ווירטואָזין האָט זיך מיט אַמאָל שטאַרק פעררויטיגט און ביידע האָבען זיי זיך אויפגעהובען און באַלד זיך געזע־

זענט. מיין חבר האָט זיי בעגלייט מיט די אויגען און מיר זע-
נען אַריין אין זאַל

---

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען מיר געווען אין דרוזי-
סען. דאָס וועטער איז נאָך הע סליכער געוואָרען און מיר
זענען געגאַנגען איינגעהויקערט אונטער'ן ווילד געיעג פון ווינד
און שניי. באַלד זענען מיר געווען אין אונזער קאַלטער און
גרויסער אַטעליע.

—דו געדענקסט נאָך דעם לייט-מאָטיוו... נו-נו-נו...—האָט
מיין חבר זיך פלוצלונג אוועקגעשטעלט אין מיטען אַטעליע און
אָנגעהויבען נאָטירען.

—מיר וועלען מאַכען טיי—האָב איך איהם געענטפערט...

—ווער טיי, וואָס טיי?.. נו-נו-נו... איך האָב שוין באַלד
געכאַפּט... נור די טעכניק, די טעכניק, איהר וואונדערבאַרע
טעכניק!

דעם גאַנצען אָוועגד האָט ער שוין ניט געהערט, וואָס
איך רעד צו איהם און האָט מיט גרויסע טריט אַרומגעשפּאַ-
צירט הין און צוריק איבער דער אַטעליע און הויך געגאָטירט.
נור ווען ער האָט זיך, ענדליך, געוואָלט אַריינלעגען אין בעטעל,
ניט אויסגעטהאָן, אין קראַגען, אין פּאַלטאָ מיט די פריש-אָבגע-
פּאַרבטע שיך,—האָב איך איהם גענומען אויפוועקען...

—אָט שטעהט פאַר דיר טיי, וואַצלאַוו! האָב איך איהם
אָנגעוויזען אויפ'ן טיש.

—אַך, טיי... ביזט אַ וואוילער יונג, אַז דו האָסט איצט
געמאַכט אַ ביסעל טיי... איז מיר קאַלט, איז מיר קאַלט!..

ער האָט אינגאַנצען געציטערט, מיר האָט זיך געוואָלט
עפּעס דוקא איהם יעצט צופרידענשטעלען און איך האָב איהם
דערלאַנגט אַ האַלבען ציגאַר. מיין פריינד האָט זיך ערשט אויף
ריכטיג אויפגעוועקט און יעצט, נאָך האַלבע נאַכט, האָבען מיר
זיך אַוועקגעזעצט געמיטליך פּלוידערן.

—זי בעזיצט די וואונדערבאַרסטע טעכניק... יעדער טאָן

וואָס איז אַרויס פון פיעדעל איז געווען—העל! ער האָט עפּעס אַ קלאָרקייט אין זיך געטראָגען, און אַ פרייליכקייט!.. האָסט געזעהן, ווי זי רעגירט מיט׳ן אינסטרומענט?..—האָט מיין חבר גערעדט, אַריינקומענדיג אין התפּעלות.

—יאָ, אַ וואונדערבאַרע טאַליע...—האָב איך געזאָגט, און ווען מיין פריינד האָט מיר גאָרניט בעמערקט אויף דעם ענטפער, האָב איך ווייטער גערעדט:

—ווער וואָלט עס געקאָנט אַרויסגעבען דאָס וואונדערבאַרע קאָלירען-שפּיעל, די קוים זיכטבאַרע טענער, וועלכע האָבען זיך אָהן אויפהער געביטען אונטער איין רעפלעקסיע פון די גריינע אַבּאַזשורען... און ווי לעכערליך עס זעהען מיר אויס אונזערע אַלע „אַקטען״ און שטודיומ׳ס געגען איין פינקעל איהרס—האָסט געזעהן איהרע הענדעלעך?

מיין קאָלעגע האָט פּערריסען די מאָרדע און געקוקט אויפ׳ן סופיט, לאָזענדיג גאַנצע וואָלקענס רויך פון מויל.

—די קאָמפּאָזיציע איז אַ טיפּיש-איטאַליענישע פון נייעם זשאַנר,—האָט ער געזאָגט צו מיר נאָך אַ ווייל.—כמעט יעדער, ווער עס זאָל ניט אָנקומען צו אונז פון דער שענער איטאַליען אינ׳ם לעצטען יאָהר, ברענגט מיט זיך מיט די לייט-טענער... נו-נו-נו... פּערשטעהסט אַזוי, אַז די קאָמפּאָזיציע וואָלט געוויס ניט געהאַט קיין ערפאָלג, ווען ניט זי... און ווען עס וואָלט ניט געווען נאָך האַלבע נאַכט, וואָלט איך געלאָפען צו דער פּיאַנינאָ אונטען... אַך! מיר דאַכט, איך וואָלט יעצט דאָס גרעסטע געשאַפען, דאָס גרעסטע מייסטערווערק וואָלט איך יעצט פאַר איהר געשאַפען...

—אַזוי ווערען ביי אונז פּערפאַלען די שענסטע מאָמענטען פון שאַפען!—האָב איך ערנסט בעדויערט און אין געדאַנק האָב איך מיר שוין אויסגעמאָהלט מיין ניי ווערק, וואָס איך וויל שאַפען...

און לאַנג זענען מיר אין דער נאַכט ניט אַנטשלאָפען געוואָרען...

ווען מיר האָבען זיך אויפגעהויבען אינדערפריה, האָט ווי־דער דערזעלבער א מעט איבערפילט אונזער אַטעליע. די שוי־בען זענען געווען דיק בעלעגט פון אייז, גרוי און אומעטיג, נור יעצט האָבען מיר דעם אומעט אַזוי ניט געפיהלט. ביידע, קענטיג, זענען מיר געווען פערנומען און איבערפילט פון דעם געשעהענעם. פאַר מיר האָבען זיך אַלץ געביטען די וואונדער־באַרע קאָלירען פון דער בלאָנדער מוזיקערין און אין די אויערן האָבען טענער געררוישט. מיין חבר איז געלעגען מיט אָפענע אויגען און געקוקט צום געפראָרענעם פענסטער־צו.

—ווייסט,—האָט ער זיך אָנגערופען,—מיר פאַלט יעצט איין, אויף וויפיעל דיר איז יעצט בעסער פון מיר... ווען דאַרפסטו געהן מאָהלען דאָרט, ווי זי הייסט, דער קליינער דאַמע?

—איבערמאָרגען...—האָב איך געענטפערט.

—איבערמאָרגען!.. און איך וועל איהר יעצט קענען זעהן העכסטענס איבעראַכטאָג זונטאָג, אַכט אַ זייגער אין אָוענד—דאָס איז פיינליך!..

אין דעם מאָמענט האָב איך מיר ווירקליך געהאַט צו־פרעהען מיט מיין מזל.

„עס איז דאָך אָהן צווייפעל—האָב איך מיך געטראַכט—אַז מאָהלען וועל איך אין דעמזעלבען הויז און אפשר אין זעלבען סאַלאָן... און אַז זי וועט אפשר דערביי איינשטודירען איהרע מוזיקאַלישע אויפגאַבען, און אפשר וועט מיר געלינגען איהר צו מאָהלען! אַך, וואָס פאַר אַ זעלטען גליק דאָס וואָלט גע־ווען!..—און איך האָב בעשלאָסען אַלע מיינע כוחות אַריינלע־גען אין דעם פּאָרטערט פון דער קליינער דאַמע—טאָמער וועט מיר אַזויערנאָך געלינגען, אַז די מוזיקערין זאָל וועלען זיך מאָהלען.

איך האָב באַלד אַדורכגעקוקט דעריבער מיין גאַנצען קאָפּ־לעט פאַרבען, פערנאָטירט זיך, וועלכע פעהלען און אויסגע־רייניגט די פענזעלס.

—עך, ברודער!—האָט מיין חבר גערעדט פון געלעגער אַראָב—איך זעה, דו קלויבסט זיך שוין און מאַכסט דיין קונסט

בערייט... דו זעה, אַז זאָלסט דיער קליינער דאַמע, איהר שוועסטער, גוט אויפמאָהלען, וועט זי דיר אויך אָנפערטרויען איהרע געזיכטס-ציגען. אַזוי זאָג איך דיר!..

מיין חבר איז אַנטשוויגען געוואָרען און איך בין געווען איבערגליקליך.

„איך וועל איהר מאָהלען, איך וועל איהר מאָהלען!"—דער געדאַנק האָט פערשנעלערט דאָס בלוט-אומלויף אין מיר און פאַר די אויגען האָט זיך מיר עס שוין פאָרגעשטעלט: איך מאָהל דיער קליינער דאַמע, די שוועסטער; זי זיצט און שטודירט עפּעס איין ביים פּיאַניאָ. דאָס בילד איז שען, פריש. די שאַר-פע-שפּיציגע באָרד און נעזעל איהרס האָב איך עקסטראַ פּע-פּודער איז צוגעלעגט ראָזאַ, אָנשטאָט דעם געלבען „אומבראַ," וואָס וואָלט געווען נאַטירליכער, אָבער מאוס׳ער... און פּלוצלונג שטעהט אויף די שענע ווירטואָזין! די פאַלדען פון איהרע קליידער זענען ווייך און וועהען זיך לייכט, פערראַטענדיג דאָ און דאָרט די גראַציע, וועלכע זיי פערשטעלען; זי געהט צו נאָהענט, בעקוקט דאָס בילד פון דער שוועסטער.

דערזעלבער שמייכעל, דיזעלבע פערנעפּלטע אויגען... און זי פרעגט:

—קאָן איך ניט האָבען די עהרע, מאַעסטראָ, אויך צו זיין געמאָהלט?..

איך וועל איהר דאַן זאָגען אַלץ... איך וועל איהר זאָגען, אַז די מינוטען וועלען זיין פאַר מיר די גליקליכסטע און צו-זאַמען אויך די פּיינליכסטע... אַז קיין מייסטער-האַנד וועט ניט פערקערפּערען אויפ׳ן לייוואַנד דאָס, וואָס איין קוק פון איהרע גרויסע טרויבען-אויגען זאָגען... נור ניט יעצט, אין דער געגענוואַרט פון דעם פאַרמעט-געשטאַלט פון איהר און׳ברחמנות׳דיג פערפּודערטע שוועסטער, און איך ענטפער:

—מיט פערגעניגען, פריילין, איך האָב בלויז ניט געהאַט דאָס דרייסטקייט וועגען דעם אייך צובעטען...

—וואָס?.. מיט פערגניגען, פריילין. איך האָב וועגען דעם

ניט געהאַט בלויז די דרייסטקייט אייך צו בעטען ?..—האָט זיך אָנגערופען מיין חבר פון געלעגער אַראָב...

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט... איך האָב פערשטאַנען, אַז די לעצטע פראַזע פון מיין פערטראַכטען זיך האָב איך אַרויס־גערעדט הויך אַזוי, אַז מיין חבר האָט איהר געהערט...

—דו שטעהסט מיט אָפענע אויגען און דעקלאַמירסט מיט, ווי אין חלום—האָט מיין פריינד זיך געדרעהט לאַכענדיג,—און דו רעדסט צו מיר: „פריילין..."—ווי? ווי האָסטו ווייטער עפעס געזאָגט ?..

איך האָב געפיהלט, אַז דאָס בלוט קומט מיר אין פנים אַריין.

—צו אַלדע רוחות! איך הויב שוין גאָר אָן צו חלומ'ן בייטאָג!—

—האָב איך ווירקליך אַזוי געזאָגט?—האָב איך איבערגע־פרעגט.

—ער פרעגט נאָך... האָסט געמאַכט אַזאַ נאַריש געשטאַלט, אַזוי ווי דו וואָלסט פאָרגעשטעלט דעם ז י י ד ע ן פון די נאַראָ־נים...

אָט ווי מען זעהט-אויס אויפ'ן צווייטען טאָג פון דער ליעבע!..

אַ צייט לאַנג איז אַריבער אין שטילען שווייגען: ביידע האָבען מיר יעצט פערשטאַנען, אַז דאָס וואונדערבאַרע, וואָס האָט זיך אונז נעכטען ערשט בעוויזען, וועט אָהן צווייפעל לאַנג, לאַנג דויערן איידער עס וועט פערשווינדען... און מיט אַנ־אינסטינקטיווער אונרוהה האָבען מיר ביידע געקלערט וועגען דעם פאָרשטעהענדען...

—דו געדענקסט ניט דעם מאָטיוו, וואָס איך האָב נעכ־טען אָנגעהויבען?—האָט פּלוצלים געפרעגט מיין קאָלעגע פון גע־לעגער-אַראָב.—איך טהו מיר באַלד אָן און זיעסט זעהן, וואָס פאַר אַ סאָנאַטע איך וועל אָנשרייבען! נו-נו-נו-נו... אָט דער לייט-מאָטיוו!..

—און איך געה נאָך פאַרבען...

מײן חבר האָט זיך אָנגעטהאָן און צוזאַמען האָבען מיר פערלאָזט די װאױנונג.

---

מײן חבר איז דעם גאַנצען טאָג ניט געװען.

יעצט, אין שפּעטען אָװענד איז ער געקומען מיט פער־רױטעלטע אױגען פון אָנשטרענגונג און אַ פערכמורעט פּנים.

—דער טײװעל פּײפּט מיר אונטער, װען איך הױב אָן שפּיעלען...—האָט ער געזאָגט בײם אַרײנקומען.—דו זעהסט, איך האָב אָנגעשריבען דאָס... טראַ־ראַ־ראַ־ראַ... טאַ...

ער האָט זיך צעלאָזט מיט בײדע הענד, װי ער װאָלט מיט עמיצען דעריזשירט און אױפגעלעגט פּאַפּירען, װאָס זענען שמוציג געװען, בעדעקט מוט נאָטען.

—נו, און װי פּײפּט דער טײװעל?—האָב איך איהם גע־פרעגט, געשטויסען פון געלעכטער, װעלכעס האָט אַרויסגערופען זײן ערשײנען.

—אָט דאָ,—האָט ער ערנסט געענטפערט, אָנװײזענדיג מיר אױפ׳ן פּאַפּיר.—הערסט כּסדר די דינע סטרונע—פּי־פּי־פּי־פּי... טאַ־ראַ־ראַ־ראַ... אָט, דאָ פּײפּט מיר אונטער דער טײװעל און עס קומט אַרויס דאָס, װאָס איך פיהל גאָרנישט!..

עס איז שױן געװען שפּעטער אָװענד, אין דרויסען האָט געשאָטען אַ געדיכטער שנײ, פון װאָס דער פראָסט איז פּלוצ־לונג פערפאַלען געװאָרען פון אונזער װענעציאַניש פענסטער און אין שטיבעל האָט זיך געפיהלט אַ הויך פון װאַרימקײט. מיר האָבען אַראָבגעװאָרפען די זומערדיגע פּאַלטאָס און געשמאַק זיך גענומען צום אָװענד־ברויט.

און לאַנג זענען מיר װידער ניט אַנטשלאָפען געװאָרען די נאַכט. פול פון אונרוהיגער ערװאַרטונג, זענען מיר געלעגען שטיל, אײנטוליענדיג זיך מיט די עטליכע טעפּיכער, װאָס פלע־גען געװעהנליך דינען פאַר אַ ט ל אָ צו די אַקטען, זעלטען װען איבערעדענדיג צװישען זיך אַ װאָרט. מײן פרײנד האָט שטיל

נאָטירט זיין נייע קאָמפּאָזיציע, וואָס האָט, ענדליך, אויף מיר פערוואָרפען אַ זיסען שלאָף...

אויף מאָרגען, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען, האָט אַ ליעבע פרעהליכע זון אַריינגעגלאַנצט דורכ'ן פענסטער, וועלכע איז איינגאַנצען געווען אין וואונדערבאַרע בלעטער און פאַלמען געפלאָכטען. די וואַרעמע שטאַהלען זענען געפאַלען אויף די קאָלירטע טעפּיכער און פרעהליך זיך געשפּיעלט, וואָס האָט געשאַפען עפּעס אַ יום-טוב-שטימונג.

איך האָב מיר דערמאָהנט, אַז היינט דאַרף איך געהן אויף מיין ערשטען סעאַנס אַהין, אין דעם רייכען הויז אַריין און דאָס האַרץ האָט מיר אונרוהיג פערקלאַפּט.

מיין חבר איז געלעגען און געקוקט צום פענסטער-צו.

—אַ שענער, שענער, פריהמאָרגען !..—האָט ער געזאָגט.— זעה, ווי שען עס שפּיעלען זיך די זון-שטראַהלען אויף דעם טעפּיך... עך! ווייז דעם פּיעדעל!.. ער איז האַלב-נאַקעט אַרויס פון בעטעל, אַראָבגענומען דעם פּיעדעל פון וואַנד און אויסלעגענדיג זיינע אָנגעשריבענע נאָטען, האָט ער זיך גענומען שפּיעלען. איך האָב מיר דערוויל זיך אָנגעטהאָן, גוט איינגעוואַשען זיך מיט קאַלט וואַסער, פּערפאַקט מיינע פּאַרבען און זיך גענומען מאַכען אַ פּרישטיק, און מיין חבר האָט אַלץ געשפּיעלט. צום הונדערטען מאָל האָט ער איבערגעשפּיעלט עטליכע שורות שטורמדיגע טענער, בעגלייט פון אַ פייפיגען רייסען זיך פון דער דינער סטרונע,—קענטיג, „ווי דער טייוועל האָט איהם אונטערגעפייפט..." געמעקט און ווידער געשריבען... זיינע פינגער זענען געווען בלוי פון קעלט, דער שטערען שטאַרק געקניייטשט און די אויגען האָבען געברענט ביי איהם, קוקענדיג אין די נאָטען.

ער האָט אַלץ געשפּיעלט ווען איך בין אַפילו אין דער שטיל אַרויס פון צימער.

באַלד בין איך געווען אויפ'ן גאַס, אַ צייט לאַנג האָב איך מיר געטראָגען, ניט וויסענדיג, וואוהין. דער געדאַנק, אַז באַלד וועל איך מיר בעגעגענען מיט דער, וואָס האָט געקאָנט מיט

איין מאָל אויספּילען אונז אינגאַנצען מיט איהר ערשיינונג, האָט מיך געפּרעהט און געשראָקען צוזאַמען.

איך האָב מיר געלאָזט צו זייער הויז, טראָגענדיג מיט זיך מיינע פּאַרבען, מאָלבערט און נאָך אַזוינע זאַכען. דער וועג האָט זיך מיר געזעהען צו שנעל פאַרבייצולויפען און באַלד בין איך געווען ביים טויער.

איך האָב מיר אויפגעהויבען אויפ'ן ערשטען שטאָק דורך מאַרמאָרנע טרעפּ.

—„די זעלבע״—האָט מיר אַ שלאָג געגעבען אין געדאַנק, דערמאָהנענדיג זיך אין דעם אָווענד, ווען איך און מיין חבר האָבען זיך דאָ געטראָגען... „נור דעמאָלט בין איך געווען פּיעל רוהיגער״—האָט מיר עפּעס אַ קול גערעדט—איך בין געווען אינווענינ.

אַ שמעקענדיגע וואַרימקייט האָט אָנגעפּילט דעם גרויסען העלען זאַל, וואו מען האָט מיר אַריינגעפיהרט. איך האָב צו-שטעלט מיין רייזע-מאָלבערט און די פּאַ־בען, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט און געבליבען אין ערוואַרטונג. איך האָב מיר אַרומגעקוקט. אַ העלע זונען-ליכט האָט אַריינגעשיינט דורך די הויכע קרישטאַל-שויבען, איבער די ווענד זענען געהאָנגען בילדער, קענטיג, פון פאַמיליען-מיטגלידער. ווייטער זענען גע-שטאַנען פערשידענע אַלטע מעבעל, סטאַטועטקעס, טיש און טאַ-בורעטען, וואו עס איז געלעגען אַ גרויסע טיגער-פעל, אָנגעגרייט קענטיג פאַר'ן בילד. איך האָב געזעהן, אַז עס איז ניט דער סאַלאָן, וואו זי האָט געשפּיעלט, וואָס איך האָב שטאַרק בע-דויערט. באַלד האָט זיך בעוויזען די קליינע דאַמע אין בע-גלייטונג פון הויכען הער מיט נאָך אַ דאַמע, אין דער לעצ-טענס שוואַרצע האָהר און אויגען האָב איך דערקענט דערזועל-בער, וואָס איז געגאַנגען געאַרעמט מיט דער ווירטואָזין אינ'ם קאָנצערט-אָווענד.

מיר האָבען זיך הערצליך בעגריסט.

—איך וויל זיצען אויף אַ טיגער-פעל,—האָט געזאָגט די

קליינע דאַמע, זיך עצה'נדיג מיט מיר,—נור מיין מאַן זאָגט, אַז עס איז נישט אָריגינעל...

איך האָב פערשטעלט מיינע אָבגעריבענע הויזען-קניה אין מורא-געהאַט צו קוקען אויף מיינע אַרבעל...

—איך וואָלט דיר געגעבען פאַר אַ „טלאָ״ דעם טעפּיך,— האָט געזאָגט דער מאַן און זיך געווענדעט צו מיר:—דעם האָב איך געקויפט אין פּאָרט-סאַאיד ביי אַן'אַראַבער.

—געדענקסט? אויף אונזער חתונה-לוסטרייזע—האָט גע־זאָגט די קליינע דאַמע און האָט אָנגעהויבען די לאַנגע רייזע-געשיכטע צו דערצעהלען. איך האָב מיך ווידער אַוועקגעשטעלט אַזוי, אַז מיינע אָבגעריבענע קניהען זאָלען פערשטעלט זיין מיט'ן סאַמעט-געבעט פון אַ הויכען פּאָטעל און האָב מיט גרויס הנאה געקוקט אויפ'ן מאַנס געזיכט, וואָס האָט זיך געקנייטשט פון לאַנגווייליגקייט פון דער ווייבס ערצעהלונג. ענדליך האָט עס אָבער אויפגעהערט. עס האָט זיך אָנגעהויבען יעצט אַ לאַנ־גע דעקאָראַטירונג: די קליינע דאַמע איז געשפּרונגען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען, בייטענדיג דאָס גאַנצע געשטעל. ענד־ליך האָט זיך אָנגעהויבען דאָס צייכענען. איך האָב אָנגעוואָרפען איהרע קרומגעשטעלטע אויגען און אָנגעצייכענט דאָס מויל מיט דער פערשפּיצטער נאָז און גאָמבע, פון וואָס עס איז באַלד אַרויס די עהנליכקייט פון צייכנונג, און בין איבערגעגאַנ־גען צו פאַרבען.

מיין געזעלעשאַפט איז זיך באַלד צעגאַנגען.

אַ קוש-געבענדיג זיין קליינער ווייב און איהר בלוי-אָדע־ריג הענדטעל, איז דער הויכער מאַן אַוועק, ווינשענדיג מיר ער־פאָלג אין מיין אַרבייט. אַזוי איז אויך אַוועק די צווייטע דאַ־מע.

איך האָב אָנגעוואָרפען איהרע האָר, איבערגעהענדיג צו די פערשידענאַרטיגע פאַרמעט-טענער פון פנים, וואו איך האָב אומעטום געלעגט דאָס העלע ראָזאַ... „שענער און שענער״— האָב איך מיר איבערגע'חזר'ט דאָס אָנגענומענע רעגעל און האָב

געפעלשט, זיך אינגאַנצען רעגירענדיג לויט דעם „ווי עס דאַרף זיין,“ אַלס ווי עס איז...

דער זייגער האָט געשלאָגען דריי.

ביסלעכווייז האָבען זיך די זון-שטראַהלען אַיועקגערוקט און עס האָט אָנגעהויבען געהן צו אָווענד. ביי מיין דאַמע זע-נען די אויגען רויט געוואָרען און שלעפעריג און דאָס פנים האָט פערשוויצט געגלאַנצט.

די גאַנצע צייט האָט אונז קיינער ניט געשטערט, בלויז וואָס אַ קליין קרומפיסיג הינדטעל איז אַלע מאָל אַריין און אַרויסגעלאָפען, אַרויסשטעלענדיג מיר אַ רויט צינגעל. און יעצט, ווען איך האָב שוין אַוועקגעלעגט די פּאַלעטע, זענען אַריינגעקומען: דער הויכער מאַן, די דאַמע מיט די שוואַרצע האָר און אויגען, ראַפּאַטטיאָ און זי, די ווירטואָזין. אַלע האָ-בען זיי זיך אַרומגעשטעלט אַרום בילד אין אַ האַלבען קרייז. פון בילד, וואָס עס איז געווען בלויז אַ געמיש פון פאַרבען און לי-ניען, האָט דאָך שוין אַרויסגעקוקט דאָס געלב-ראָזע-קעפּעל פון דער מאַדאַם.

—עהנליכקייט,—דאָס זעהט מען שוין,—האָט אַ זאָג געטהאָן דער איטאַליענער.—אַ פרייע האַנד, טעכניק,—האָט ער ווייטער אונטער׳ן נאָז געריהמט.

דאָס זעלבע האָבען נאָך איהם כמעט אַלע איבערגערעדט. נור זי, די ווירטואָזין, האָט געשוויגען. זי האָט געקוקט אויפ׳ן בילד מיט עפּעס אַ פרעמדען מעלאַנכאָלישען שמייכעל און באַלד האָט זי זיך אומגעדרעהט, נעהמענדיג אונטער׳ן אָרעם דער ברונעטין און איז שפּאַצירענדיג צוגעגאַנגען צום פענסטער... און מיר האָט דאָס האַרץ שטאַרק פערקלאַפּט. אַ געפיהל פון כעס צו-זאַמען מיט אַ בעליידיגטער אייגענליבע האָבען מיך בעהערשט און מיר האָט אויסגעוויזען, אַזוי ווי זי וואָלט אינוועניג גע-לאַכט פון מיר, פון בילד... איך בין דעריבער אָבגעגאַנגען עט-ליכע טריט, אום צו וואַרפען אַ בליק אויפ׳ן בילד און אורטיילען פון ערשטען קוק: איך האָב אַ בליק געטהאָן—עס איז געווען

אויסגעהאַלטען, אַלץ איז געווען אויפ'ן אָרט, פּראָפּאָרציאָנעל און פריי געשקיצירט.

—וואָס האָט זי דען דאָ צו לאַכען?—האָב איך מיר געפרייסט.—איבריגענס, מיר וועלען זעהן ביים ענדיגען... און טיעף אין דער נשמה האָב איך געשוואוירען, אַז דאָס בילד מוז זיין דאָס בעסטע פון אַלע מיינע ביזהעריגע און איך מוז איהר ווייזען, אַז אויב זי איז ווירטואָזין פון טאָן און קלאַנג—בין איך עס פון ליניע און פאַרב...

עטליכע צעהנדליג לעמפּלעך האָבען שוין געלויכטען אין די ושיראַנדאָלען, ווען איך האָב מיר פערנומען אַהיים און דאָ, ביים געזעגענען זיך, האָב איך מיר בעשלאָסען אויף עפּעס און ווי צופעליג איהר אַ פרעג געטהאָן:

—אייך, מאַדעמואַזעל. געפעלט גאָרניט מיין שקיץ...

די ווירטואָזין איז אַזוי רויט געוואָרען, אַז זי האָט אויסגעזעהן ווי אַן'אמת'ע ראָזע...

—פון וואן ווייסט איהר דען?—האָט זי מיר נאָך אַ ווייללע האַרט געפרעגט.

—איך ווייס ניט, מיר שיינט בלויז אַזוי...—האָב איך געענטפערט.

—איבריגענס, מיר וועלען זעהן...—האָט זי געזאָגט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך מיר געדאַכט, אַזוי ווי אַלע וואָלטען דעם אָטעם פערכאַפּט, אָנקוקענדיג מיך מיט ברייט געעפענטע אויגען...

„מיר וועלען זעהן"—האָב איך מיר געטראַכט שוין לויפענדיג פון די טרעפּ און אַ געפיהל פון אונרוהיגער'ערוואַרטונג האָט געפרעסט, געפרעסט...

---

ווען איך בין צריינגעקומען אין וואוינונג, איז מיין חבר נאָך געזעסען האַלב אויסגעטהאָן אויפ'ן בעט און האָט געשריבען. זיין פנים איז געווען דערהיצט, די אויגען רויט און די

האָר שטאַרק צעשויבערט, אַזוי, אַז ער האָט געמאַכט דעם איינ־
רוק פון אַזעלכען, וואָס איז אַראָב פון זינען.

—מיר דאַכט,—האָב איך געזאָגט צו איהם, זעהענדיג, ווי
ער בעמערקט ניט מיין אַריינקומען,—אַז דו ביזט שוין פיעל וויי־
טער ווי איך פערגאַנגען—דו ביזט שוין משוגע...

דאָ האָט ער מיר יעצט בעמערקט:

—יאָ, איך בין עס שוין באַלד...—האָט ער געזאָגט.—איך
האָב שוין היינט פערשריבען צעהן בויגען, נור דאָס וואָס איך
וויל, איז דאָרט ניטאָ!..

—און וואָס טהוסטו זיך ניט אָן, דאָ איז דאָך קאַלט ווי
אין דרויסען!

—הער מיך אויס אַ פּאָר מינוט, וועל איך דיר אַלעס
נאָכגעבען,—האָט ער זיך ביי מיר געבעטען.—דאָס דאַרף זיין אַ
ודוי פון אַ מיידעל... דו שטעל דיר פאָר אַ בעטעל, וואו עס
ליעגט אַ מיידעל אַ שטאַרבענדע... עס גליהט בלויז דאָס לעצטע
פלעמעלע אין איהרע אויגען... און דאַן לעגט זי צוזאַמען איה־
רע הענד און איז זיך מתודה... און דאָ געהט פאַרביי די חרטה
צוזאַמען מיט׳ן בענקעניש נאָך די זיסע פערשוואונדענע זינד...
און זי בענקט, און איז זיך מתודה... אָט, הער...

און ער איז אויפגעשטאַנען, נעהמענדיג דעם פיעדעל שטייף
אין די געפרוירענע הענד און אָנגעהויבען שפּיעלען.

—הער זיך איין,—האָב איך איהם געזאָגט,—דו קאָנסט דאָך
צומאָל יעצט דעם פיעדעל אין די געפרוירענע הענד ניט האַל־
טען... שפּעטער וועסטו זיך דערוואַרימען...

—ווען דו ווילסט ניט הערען, טאָ ברעך!..—האָט ער מיר
אַ זאָג געטהאָן, צולעגענדיג אַ בייזע קללה.

דאָ האָב איך מיר דערמאָהנט, אַז ווען איך בין אַרויס־
געגאַנגען פון דעם רייכען הויז, האָט דער גרויסער הער מיר
געזאָגט אַז „צוליעב ניט פּאָראויסגעזעהענע אומשטענדען,״ זאָל
איך מוחל זיין קומען אויפ׳ן צווייטען סעאַנס ערשט מאָנטאָג
און דאָס וויכטיגסטע—אַז ער האָט מיר דאַביי אַריינגעזעצט
צוויי פינף־און־צוואַנציגערס אין רובלדיגע אַסיגנאַציעס.

איך האָב איהם געוויזען די אַסיגנאַציעס.

—מיר וועלען נאָך ווערען מיליאָנערען,—האָב איך איהם געזאָגט,—נאָר דערווייל מוז מען איינהייצען אין אויווען.

עס איז אַריינגעקומען אונזער מאָדעלקע. דאָס איז געווען אַ זעהר ריהרענדיג און שלאַנק מיידעל ניט פון דער ערשטער יוגענד, פון וועלכער איך האָב געמאָהלט עטליכע איינגעגעבענע אַקטען.

—אוהר זענט נאָך קיינמאָל אַזוי גוט ניט געקומען ווי היינט!—האָט איהר מיין קאָלעגא אויפגענומען.—עס זעהט אויס, אַז דער הונגער-קעניג האָט אייך אַליין אַהער געשיקט...

דאָס מיידעל האָט ניט פערשטאַנען דעם בייזען וויץ פון מיין חבר. באַלד האָב איך איהר דערלאַנגט עטליכע אַסיגנאַציעס צוזאַמען מיט אַ גאַנצען צעטעל אַרטיקלען, וואָס זי דאַרף פאַר אונז איינקויפען, ניט פערגעסענדיג פון גוטין „באָרדאָ" אַפילו.

זי איז אַראָב און באַלד איז זי געווען צוריק. איינגעגאַנצען בעלאָדען ווי אַ מויל-אייזעל, האָט זי זיך אַריינגערוקט אין טיר, טראָגענדיג פעק מיט פעקעלעך. מיר האָבען זיך דערווייל אַרומגעוואַשען און אָנגעטהאָן, ווי צו אַ באַל... דאָס מיידעל האָט דערווייל אָנגעהייצט דעם אויוועז און אין שטוב האָט זיך דערפיהלט ווי אַ ערב יום-טוב...

ענדליך האָט אָבער דאָס מיידעל ניט געקאָנט לענגער אויסהאַלטען. דאָס אייגענשאַפטליכע פון חוה'ס טעכטער—דאָס נייגיריקייט האָט איהר, קענטיג, די גאַנצע צייט בעאונרוהיגט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין גנבה'שע בליקען, וואָס זי האָט געוואָרפען אין אַלע ווינקעלעך פון דער אַטעליע.

—וואָס איז דאָס היינט ביי אייך פאַר אַ שמחה, וואָס איהר וואַשט אייך אַרום!..—האָט זי געפרעגט.—מיין חבר איז סתם דער וויץ געפעלען געוואָרען, דען ווירקליך האָב איך שוין ניט געדענקט, ווען ער זאָל זיך האָבען אַזוי אַרומגעוואַשען...

—דאָס קען מען אייך ניט ערקלערען,—האָט ער איהר מיט אַ פרישען הומאָר געזאָגט,—דערצו דאַרף מען זיין אויסער

קינסטלער אויך פּילאָזאָף, און דאַן וואָלט איהר געוואוסט, אַז „גליק איז צופאַל..." און טרעפט דער צופאַל—דאַן!..

דאָ האָט ער געענדיגט מיט אַ פייף, און דאָס מיידעל איז געבליבען צופרידען...

---

ביז שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר געזעסען און געטרונקען ביז טויט-שכור. מיין פריינד האָט ווי אַ פּאָמפּע געזופּט דעם קאָניאַק און „באָרדאָ," וואָס דאָס מיידעל האָט נאָכ־אַמאָל אַרויפגעבראַכט, וויפיעל זי האָט נור געקאָנט דערטראָגען. אין שיכור'ע התפעלות האָט ער פון צייט צו צייט געכאַפּט דעם פיעדעל, אויפשפּיעלענדיג מיר דעם „ודוי פון אַ מיידעל" און געוויינט, אַז איך זאָל וועלען הערען. איך, ווידער, האָב אין גרעסטען עקסטאַז געקושט דער מאָדעלקע, זייענדיג אָבער גליקליך פון דעם געדאַנק, אַז איך האַלט דער בלאָנדער ווירטואָזין אין מיינע אָרעמס... און ביז אויף מאָרגען זענען מיר געבליבען אויסגעלעגט, ווער אויף דער ברייטער באַנק, ווער אויף דעם האַרטען פּאַרקעט, געשמאַק שלאָפענדיג.

איך האָב מיר דער ערשטער אויפגעכאַפּט. פאַר מיר אויף דער ערד איז געלעגען די מאָדעלקע אינגאַנצען צעשפּי־ליעט מיט צעשויבערטע האָר. ניט ווייט פון איהר, קניהענדיג, איז געשלאָפען מיין חבר מיט פערלעגטע הענד אויפ'ן ברוסט, ווי צו אַ תפילה. זיינע האָר זענען געווען שטאַרק צעשויבערט און האָבען אין שוואַרצע לאָקען אַראָבגעהאָנגען איבער'ן אויס־געבלייכטען פּנים, וועלכעס האָט בלויז אין מיטען געגליהט מיט צוויי קאַרמין-פלעקען ווי אין אַ היק-קרענק.

דאָס האָט מיר דערמאָהנט אין מיין חבר'ס שיכור'ער תפילה, וועלכע ער האָט אָבגעזאָגט פאַר דער ווירטואָזין און מיט וועלכער ער איז, קענטיג, אַזוי אַנטשלאָפען געוואָרען, קניהענדיג. און איך האָב געדענקט:

„אין פיינליכע מינוטען רוף איך דיך, אָ, צויבערין!..
קום צו מיר אויף גייסטער-פליגעל געטראָגען...

„קום, און מיט אַ בליק פון דיינע וויינטרויב-אויגען
„פער'שיכור מיך אָ, מאַריאַ!..״
מעהר געדענק איך ניט... נאָר דאָס געדענק איך געוויס, אַז ער האָט דאַביי געוויינט מיט טרעהרען און געקניהט אין דעמזעלבען ווינקעל...
איך האָב דערפיהלט, אַז אין שטיבעל איז געוואָרען ווי-דער קאַלט. איך האָב זיי אויפגעוועקט. מיין חבר האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט צושראָקענע אויגען און געקוקט אויף מיר אַ צייט אונפערשטענדליך.
—אָ, האָב איך געהאַט אַ חלום, האָב איך געהאַט אַ חלום...—האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווייל.
—איז זי צו דיר געקומען אויף גייסטער-פליגעל געטראָ-גען?—האָב איך געלאַכט, און איהם דעקלאַמירט זיין נעכטיגע תפילה, וואָס איך האָב נאָך געדענקט... ער האָט אָבער מיט'ן זעלבען צומישטען בליק אויף מיר געקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אין עפּיס זיך דערמאָהנען. זיינע רויטליכע אויגען זע-נען געווען ווי אָנגעשוואָלען און האָבען געברענט מיט אַ קרענק-ליך פייערל.
—אין חלום האָב איך זי געזעהן,—האָט ער ענדליך אָנ-געהויבען, רעדענדיג, ווי פאַר זיך.—אַליין איז זי געשטאַנען אויף אַ ברייט ווייט פעלד, פון וואַנען דאַרע פערפוילטע צלמים האָבען פערצווייפעלט אויסגעשפּרייט די הענד. הויך האָט זיך אויפגעהויבען אַ הימעל, אָנגעפילט מיט שווערע כמאַרעס איינע אויף דער אַנדערע. בלויז וואָס פון ווייטענס האָט געברענט אַ פייער-פּאַס אויפ'ן האָריזאָנט. דער ווינד האָט ווילד געריסען און געפייפט איבער די אָרעמס פון די צלמים... און איך בין געלעגען אויף דער ערד טויט, צוגעדעקט מיט דערנער... און איבער מיר איז זי געשטאַנען... זי האָט געשפּיעלט מיין „ודוי״...—
ביידע האָבען מיר זיך טיעף פערטראַכט...

ביידע האָבען מיר געלאַכט אין אונרוהיגער ערוואַרטונג.

שטענדיג יעצט גאַנצע טעג אין שטוב, פלעגען מיר זיך פערטראַכטען איבער דעם פאָרשטעהענדען און ביידע האָבען מיר שוין ניט געצווייפעלט, אַז צוזאַמען אין די לאַנגע שטונדען פערנעהמט אונז איין געדאַנק, איין חלום... זי—דאָס איז געוואָרען דער לייטמאָטיוו פון טאָג און נאַכט, דאָס איז געווען דער אָנהויב און דער סוף פון יעדען געדאַנק... מיט'ן לויף פון די טעג, האָבען מיר דערפיהלט, אַז עפּיס וואַקסט אויס צווישען אונז אונפערשטענדליכעס, אָבער אַזעלכעס, וואָס שפּרייט אויס אַ שאָטען אויף אונזער אמת'ער פריינדשאַפט, אָדער גאָר ברידערליכקייט, וועלכע איין צוועק—דאָס שאַפען, האָט אונז לאַנג פעראייניגט. מיר האָבען ענדליך אָנגעהויבען פיהלען, אַז ביידע זענען מיר אין איין נעץ געפאַנגען, אַ נעץ פון [illegible] און פאַרבען, וועלכער די וואונדערבאַרע נימפע האָט פאַר אונז אויסגעשפּינט, און אַז ביידע רייסען מיר זיך צו איהר, צו דער שענער פאַנגערין.

ער, מיין חבר, פלעגט גאַנצע טעג ניט אַרויסלאָזען דעם פּיעדעל פון האַנד, שרייבענדיג זיין גרויס ווערק—די „ודוי פון אַ מיידעל," וועלכעס איז נאָר פאַר איהר אַליין געשאַפען געוואָרען. זיין פּנים האָט זיך בעדעקט מיט אַ קרענקליכער בלייכקייט, וועלכעס האָט זיך בלויז געפלעקט מיט צוויי רויטע פונקען אין די באַקען און געגליהט מיט פייער אין זיינע פערווייטעטע אויגען. ער האָט געשפּיעלט. טענער אונ'ברחמנות'דיגע, לאַנגע אַקאָרדען האָבען זיך געצויגען און עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ קראַנק-שטאַרבענדע נשמה וואָלט זיך געצויגען, געבעטען מיט'ן לעצטען אָטעם-צוג... נור צייטענס זענען זיי איבערגעגאַנגען אין שנעלע, שטורמישערע, וואָס פלעגען מיר דערמאָהנען אין דעם גרויסען פעלד, פערשטעלט מיט אַלטע צלמים, איבער וועלכען זי שפּיעלט זיין „ודוי"...

אין די טונקעלע אָווענד-שטונדען פלעג איך זיצען און זיך איינהערען צו זיין שפּיעלען און ניט איין מאָל פלעגט ווי אַ פערדרוס-געפיהל זיך פער'גנב'ען צו מיר און מיך קוועלען און

רייצען... און איך האָב געוואוסט, אַז ווען עס וועט זיין גרויס-ווערק געענדיגט ווערען, ווען דאָס טראַגיש-שטאַרבענדע מיידעל וועט זיך אינגאַנצען אין טענער אַרויסשיילען, דאַן וועט ער, מיין חבר, קומען צו איהר, צו דער וואונדערבאַרער טאָן-און קלאַנג-הערשערין, און וועט עס לעגען צו איהרע פיס און וועט זאָגען: „פאַר דיר, ווירטואָזין, האָב איך עס געשאַפען, פאַר דיר...“ זי וועט עס מיט׳ן זעלבען מעלאַנכאָלישען שמייכעל צונעהמען און ווען זי וועט עס אָנהויבען שפּיעלען, וועלען איהרע גרויסע פער׳חלמ׳טע טרויבען-אויגען פול ווערען מיט טרעהרען איבער דער שטאַרבענדער מיידעל און קלאַנגען טרויעריגע, קלאַנגען זיסע, פערבענקטע וועלען זיך אויסגיסען אין דער האַלב-דונקעלקייט פון די גרויסע זאַלען און—זי וועט זיין זיינע... ער וועט איהר מיט זיין טענער-קראַפט ביי מיר אַרויסרייסען, צונעהמען... איך פלעג אין אַזעלכע מאָמענטען וועלען, אַז עפּעס זאָל געשעהן, עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אונז שיידען, וואָס זאָל איינעם פון אונז אַוועקוואַרפען, פערשלעפּען איבער ים׳ן, ווייט פון די ליעבע ווייכסעל-ברעגען... און איך פלעג מורא האָבען פאַר דעם, וואָס דאַרף געשעהן...

איך האָב מיר דערמאָהנט אינ׳ם לעצטען און אויך ערשטען סעאַנס אין דעם רייכען הויז—זי האָט דאָך אַפּילו ניט געוואָלט קוקען אויף מיין בילד... און האָט געקוקט אין דרויסען, ווי די אונטערגעהענדע זון האָט אין ראָזען בעגאָסען—אַ שמייכעל... און דערנאָך ביים אַוועקגעהן: „מיר וועלען זעהן,“ האָט זי געזאָגט, און אויף מיר האָבען אַלע די אויגען געגלאָצט און געקוקט ווי אויף אַ בייז וואונדער...„

און ווידער פלעגט דער פריהמאָרגען אויפשטעהן גרוי און איך פלעג עפּענען די אויגען מיט אַ שווער געפיהל אויפ׳ן האַרצען. ביי מיין חבר האָבען זיך די גליהיגע פייערלעך העלער געצונדען און די רויטע פלעקען אויף די באַקען האָבען אָנגעהויבען פיעל שאַרפער ווערען. אָפטער פלעגט ער אינגאַנצען ציטערען פון קעלט; איך פלעג דאַן אַרויסרייסען ביי איהם דעם פיעדעל און אויפשטעהן אויפ׳ן געלעגער. ער פלעגט זיך קלאָגען אויף

אַ שטאַרקער היץ אין קאָפּ, וואָס קומט צוזאַמען מיט בייזע חלומות ביינאַכט.

—אין מיטען דער נאַכט נעהמט מיך אַרום אַ קעלט, וואָס שלאָגט אָב מיט אַ היץ אין קאָפּ... און דאַן ציהט זיך אויס דאָס גרויסע פעלד מיט די איינגעהויקערטע צלמים... איבער זיי הויבט זיך אויף דער בלייערנער הימעל און אַ ווינד, אַ שטורם, ברעכט די אַלטע צלמים-אָרעמס און פייפט מיט אַ וויינענדיג קול... שיילט זיך דעמאָלט אַרויס ערגעץ פון צווישען דעם צלמים-געדיכט אַ שטילע, שטילע לויה און מען טראָגט אַ מיידעל, וואָס איז מיט אַ ניט-דערזאָגטער ודוי געשטאָרבען... און דאָס גיט מיר די טענער, וואָס איך פערקערפער ביי טאָג אין מיין ווערק... נאָר דו קומסט און לאָזט מיך ניט שפּיעלען—דו פערגינסט מיר ניט!.. דו האָסט מורא, איך וועל דיר זי אַרויסרייסען!..

איך האָב דערקאָנט, אַז ער רעדט פון היץ.

עפטער פלעגט ער אַזוי רעדען איבער'ן איטאַליענער: ער פלעגט איהם פערשעלטען, וואָס ער איז געקומען פון די שענע אַפּעּנינען אַהער ביי איהם צוצונעהמען די שענע טע-נער-הערשערין פון איבער'ן ווייכסעל... און פלעגט זיך ביי איהם בעטען, ער זאָל אַוועקפאָהרען פון דאַנען צוריק אין זיין איטאַליען...

אויך איך פלעג מיר אַמאָל פערטראַכטען איבער דעם פערברוינטען איטאַליענער. איך האָב געוואוסט, אַז זיינע געזיכטס-ציגען, טראָץ זייער ניט רעגולאַריטעט פון אַ געבוירענעם בערג-איטאַליענער, בעזיצען זיי דאָך אַזוי פיעל מעהר, ווי אונזערע, וואָס אימפּאָנירט די קלאָרע בלאָנדינקעס פון איבער'ן ווייכסעל...

אַזוי זענען אַריבער די טעג ביז זונטאָג.

זונטאָג אין דער פריה האָט אונז אויפגעוועקט אַ שענע וואַרימע זון, וואָס האָט פרעהליך אַריינגעגלאַנצט אין די שויבען. דאָס גרויסע ווענעציאַנישע פענסטער איז געווען קלאָר און ריין פון פראָסט און האָט געוויזען אַ ריינעם טיעף-בלויען הימעל אי-בער אַ גאַנץ פעלד פון מויערן-דעכער. אין שטיבעל איז גע-ווען גוט וואַרעם. אַ פרעהליך געפיהל האָט זיך אַריינגעגאָסען

אין הארץ, צוזאמען מיט די ליכטיגע זונען-שטראהלען, און איך האב מיר דערמאָהנט אין דעם פאָרשטעהענדען אָווענד.

—ענדליך,—האב איך געטראַכט,—איז געקומען דער לעצטער טאָג און מאָרגען אין דער צייט וועל איך מיך קלויבען אַהין צוגעהן...

איך האב מיר דערמאָהנט אין די טריבע און לאַנגע טעג פון ערוואַרטונג און מיר האָבען זיי אויסגעוויזען, אַזוי ווי וואָכען, חדשים לאַנגע, וואָלטען מיך געטיילט פון יענעם אָווענד אָן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין חבר. זיין פנים האָט אינגאַנצען געברענט אין שטאַרקער היץ. פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעזאָגט עפעס ווערטער אונפערשטענדליכע, ביי וואָס די מוסקולען פון פנים האָבען זיך שטאַרק פערצויגען.

איך האָב איהם אויפגעוועקט. אַ מינוט איז ער געלעגען, שטאַרק מיך אָנקוקענדיג. ענדליך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

—וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט?

—זונטאָג,—האָב איך געענטפערט.

—זונטאָג... איז שוין זונטאָג?

ער האָט זיך אַ ריס געגעבען אויף פון געלעגער און זיך גלייך געזעצט, אָנקוקענדיג מיך פערוואונדערט.

איך האָב איהם פעסט דאָס בעשטעטיגט, אויסרעכענענדיג איהם אַלע טעג און וואָס ער האָט געטאָן, זינט מיר האָבען זיך אָנגעשכור׳ט.

—איך פיהל מיך שלעכט, און דאָ האָב איך נאָך אַזוי פיעל אַרבייט פאַר זיך!..—האָט ער שטיל געזאָגט.

איך האָב בעטראַכט זיין פנים, וואָס האָט געפלאַמט פון היץ.

—היינט איז דער קאָנצערט און אַזאַ שענער טאָג... די זון...—האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אונצופריעדענהייט.

—ביסטו אונצופריעדען?—האָב איך מיר פערוואונדערט.

—עס שטערט דאָס ליכט... עס שטערט דאָס פרעהליכקייט, די טריט פון די טויטע שאָטענס און די ודוי-טענער...

האָט ער געענטפערט און צוריק זיך אַ לעג געטאָן אויף זיין אָרט. אַזוי איז אַריבער דער גאַנצער טאָג. איך בין געווען אין פערצווייפלונג. דער געדאַנק, אַז ער וועט זיך ניט קאָנען אויפ-הויבען פאַרנאַכט און געהן אַ היין אויפ׳ן אָווענד, האָט מיך כמעט געפייניגט. איך האָב מיט שרעק געקוקט דאָ אויף דער זון, וואָס האָט זיך אַראָבגעלאָזען שוין אונטער די מויערן, דאָ אויפ׳ן פנים פון מיין קראַנקען חבר, וואָס איז געוואָרען זעהר בלייך, איבערלאָזענדיג בלויז די צוויי רויטע ברענענדיגע פלע-קען אויף די באַקען.

ענדליך בין איך שטיל צוגעגאַנגען צו זיין בעטעל און, אָננעהמענדיג איהם פאַר׳ן האַנד, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

—עס ווערט נאַכט אין דרויסען...

ער האָט געעפענט די אויגען.

—עס ווערט נאַכט אין דרויסען...—האָב איך נאָכאַמאָל געזאָגט.

ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטאָן אויפ׳ן שוין פאַרנאַכטי-גען הימעל און אָנמעכטיג צוריקגעפאַלען.

אין אַ ווייל אַרום אָבער האָט ער זיך שטום אויפגעזעצט און זיך גענומען אָנטאָן. איך האָב איהם געהאָלפען, מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. ענדליך האָבען מיר געהאַלטען ביים אַראָבגעהן. ער האָט צוזאַמענגענומען זיינע נאָטען, גוט איינ-געפאַקט אין אַ פעקעלע און אַראָבגעלאָזט אין דער ברייטער קעשענע. מיר זענען אַראָב אין גאַס. דער שענער זונטאָג-אָווענד האָט זיך דאָ געזעהן מיט די הונדערטע וואַרעם-געקליידעטע שפּאַצירענדע. דאָס טרוקענע וועטער איז געווען פראָסטיג און האָט געשניטען מיט אַ לייכטען צוג אין נאָז און אויער׳ן. איך בין געגאַנגען שנעל, פיהרענדיג מיין חבר אונטער׳ן אָרעם. ער האָט איינגאַנצען געציטערט. באַלד זענען מיר געווען אין טויער און מיר זענען אַרויף אויבען.

דער ערשטער האָט אונז בעגעגענט דער איטאַליענער, וואָס איז געשטאַנען אין אַ געזעלשאַפט פון עטליכע דאַמען און האָבען וועגען עפעס לעבעדיג גערעדט אין אַ פליסיגען פראַנ-

צויזיש. מיר האָבען זיך בעגריסט. די דאַמען האָבען געוואָרפען פערוואונדערטע בליקען אויפ׳ן שטאַרק פערענדערט געזיכט פון מיין חבר.

—איהר זענט, קענטיג, אינגאַנצען ניט געזונד,—האָט ראַפאַטטיאָ געזאָגט, בעגריסענדיג מיין חבר.

—אַ לייכטער פיבער...—האָט ער קוים געענטפערט.

—אייך קומט מען אַפילו אין פיבער הערען,—האָט געזאָגט אַ נידעריגע דאַמע, וועדענדיג זיך צום איטאַליענער מיט אַ געלונגענער קאָקעטעריע.

דאָ זענען מיר פאַרגעשטעלט געוואָרען. די דאַמען האָבען אַרויסגעזאָגט נעמען, וועלכע זענען אפשר בלויז דורך אַ וואונדערבאַרען צופאַל פאָרגעשטעלט געוואָרען פאַר אַנ׳אָרימען מאַלער און אַ סטודענט פון דעם וואַרשאווער קאָנסערוואַטאָריום... און בגנבה האָב איך דאָ געכאַפּט אַ בליק אויף מיינע אָבגעריבענע קניה פון די הויזען...

נאָר-וואָס אָנגעקומענע געסט האָבען שפּאַצירט הין און צוריק איבער די העל-בעלויכטענע סאַלאָנען, פלוידערענדיג גאַנץ געמיטליך. דאָ און דאָרט האָבען זיך געמאַכט רעדלעך פון ווייס-דעקאָלטירטע דאַמען און עלעגאַנטע הערען. וואָס אַמאָל, איז אַלץ מעהר געוואָרען פון שוואַרצע פרעק, געשניטענע „סמאָקינג׳ס,״ ווייסע וועסט און שניי - בלאַנקע קראַגענס. אַלץ האָט זיך דאָ בעוועגט, געדרעהט און געלאַכט אין געשניצטשטייפע מאַניערען פון מענער, עלאַסטישע בעוועגונגען פון דאַמען... פערשידענע פערפום-ריחות האָבען זיך צעטראָגען און פון אומעטום האָט געגלעט מיט סאַמעט, געשימערט און געפינקעלט פון גרויסע אוירינגלעך, בראָשען און רינגען. העל האָבען געלויכטען די ריזיגע זשיראַנדאָלען און קאַנדעליאַברען, צושפּרינגענדיג אין טויזענדער קאָלירטע פייערלעך אויף די אַרומיגע שפּיגעל און קרישטאָל-שטיקער.

אינמיטען פון אַ רעדעל פון עלטערע דאַמען און הערען איז געשטאַנען דאָס קליינע פעסעל-געשטאַלט פון הער קראָן און זיין הויכגעוואוקסיגע שלאַנקע ווייב—דער בעל-הבית און בעל-

הבית'טע פון דעם הויז, וואָס האָבען מיט דער הערצליכסטער מינע און אויסערסטליכער העפליכקייט אויפגענומען די געסט.

באַלד האָבען זיך די דאַמען, נאָך אַ העפליכען איבערבע־טען אונז, אָבגעזונדערט און זיך פעראייניגט צו אַ היבשען רע־דעל, וואו עס זענען געשטאַנען עלטערע דאַמען צוזאַמען מיט זייערע טעכטער-מאַמזעלען, געבראַכט, קענטיג, דאָס ערשטע מאָל אויף אָוועגדען און בעלער.

מיר זענען געגאַנגען שפּאַצירענדיג לענג-אויס אין דער ריכטונג צום קאָנצערט-זאַל; און דאָ, ווען מיר זענען צוגעקומען פאַר די סאַמעטענע פּאָרטיערען פון איינגאַנג, האָט מיין חבר שווער אָבגעזיפצט און אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס פּעקעל נאָטען און אָהן ווערטער עס איבערגעגעבען דעם איטאַליע־נער.

—מיין קאָמפּאָזיציע...—האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום קוים אַרויסגעזאָגט.

דער איטאַליענער האָט לייכט געשמייכעלט, דאַן האָט מיין פריינד מיט קוים געכאַפּטען אָטעם געבעטען וועגען דורכזעהען און אויספּרובירען, וואָס דער איטאַליענער האָט איהם צוגעזאָגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

עס האָט זיך בעוויזען די ווירטואָזין. דאָסמאָל איז זי ווי־דער געפיהרט געוואָרען פון דער ברונעטין אונטער'ן אָרעם, נאָר אויך אין בעגלייטונג פון אַ הער מיט אַ זעהר פלעגמאַטישען אויס־זעהען. ביי מיין חבר האָבען זיך די רויטע פלעקען אויפ'ן פּנים אָנגעצונדען און אין מיר האָט האַסטיג פּערקלאַפּט דאָס האַרץ.

ביידע האָבען מיר אָנגעשטרענגט אויף איהר די בליקען. זי איז געווען בלייך-ראָז, מיט אַראָבגעלאָזטע בלאָנדע קאַרבירטע לאָקען, וואָס האָבען ווי אין אַ גאָלד-ראַהם געפּאַסט דאָס פּנים. אַלץ דערזעלבער שמייכעל פון מעלאַנכאָליע האָט זיך געוויעגט אַרום מויל, און די אויגען, ווי פּערנעפּעלט און ברייט געעפענט, האָבען ווייך געבליקט פאַר זיך.

—געהט אונזער ווירטואָזין,—האָב איך אָנגעוויזען דעם אי־טאַליענער אויף דער בלאָנדער.

—דאָס איז בלויז טאָן און קלאַנג,—האָט דער איטאַליענער מיר אייגגערוימט אין אויער.—זי זעהט טענער אַזוי ווי מיר פארבען... א ריזיגע קאָנצענטראַציע פון זעה-און געהער-נערוועז, וואָס נאָר דאָס גיט איהר די מעגליכקייט פון דער וואונדערבאַרער טענער-האַרמאָניע, ווי ביי איהר...

—„דער געוועהנליכער קינסטלער-אַנטאַגאָניזם״—האָב איך מיר געטראַכט...

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון גלעקעל, ברייט האָבען זיך געעפענט די טירען פון קאָנצערט-זאַל און צוזאַמען מיט׳ן פובליקום זענען מיר אַריין אינוועניג. מיר האָבען זיך געמוזט שיידען נאָך פאַר דעם, איידער די דריי, די ווירטואָזין, די ברונעטין און דער יונגערמאַן האָבען בעוויזען צוצוקומען צום איטאַליענער, וואָס האָט אונז ביידען, מיר מיט׳ן חבר, שטאַרק פערדראָסען...

דער קאָנצערט האָט אָנגעפאַנגען. דער פלעגמאַטישער יונגערמאַן האָט פערנומען יעצט דאָס אָרט פון איטאַליענער ביים פיאַנינאָ און זי, די ווירטואָזין, האָט זיך ווידער געשטעלט אין איהר פאָזיציע ביים פיעדעל. און אָט האָט זיך אָנגעהויבען דאָס, וואָס האָט אַזוי געשמיעדט צו זיך דאָס אויג אין פאָריגען מאָל, אָבער פיעל, פיעל שטאַרקער יעצט...

צוזאַמען מיט די טענער, וואָס האָבען געציטערט אין לופטען, האָבען מיר אַליין אינגאַנצען געציטערט, פערטרינקענדיג זיך מיט׳ן געהער און בליק.

מיין חבר, וואָס איז געווען טויט-בלייך ביים אַריינקומען, האָט יעצט אינגאַנצען געגליהט און זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דער ריכטונג צו דער ווירטואָזין, ווי מיט שפיזען.

זי האָט געשפילט סאָלאָ.

עס זענען געווען מאָמענטען, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ ווערט פערטרונקען און מיטגעריסען פון טענער; אַז אַלץ פערלירט זיך. צוגעהט אין קלאַנגען און ווערט געוועהט פון איינע פיעדעל-טענער, וואָס רייסען זיך ערגעץ אין דער

האַלב-טונקעלקייט פון די סאַלאָנען...

עס זענען געווען מאָמענטען, ווען עס האָט געצויגען צום קניהען פאַר דעם אַלמעכטיגען, וואָס האָט זיך פון די סטרונעס צוטראָגען, פאַר'ן פאַרבען-רייך, פאַר דער אורעליע פון די בלאָנדע האָר...

איך האָב פון גאַנצען האַרצען מקנא-געווען דעם פלעג-מאַטישען מוזיקער, וואָס קאָן יעצט אַזוי נאָהנט געבען איהר זיצען, און עפּיס אַ פרעמד געפיהל האָט מיר יעצט בעהערשט: אָט האָב איך געוואָלט, אַז אַלע זאָלען אַוועק פון דאַנען, אַז אַליין זאָל איך דאָ בלייבען מיט איהר, אַז נאָר פאַר מיר זאָל זי שפּיעלען, אַז נאָר פאַר מיר זאָל זיך בייטען אַזוי וואונדערבאַר דער פאַרבען-רייך... און עס האָט מיר ווי פער-דראָסען אויף די ענטציקטע געזיכטער פון די אַרומיגע...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין חבר, אויף זיינע אויגען, אין וועלכע עס האָט אַ פייערל, ווי אין אַ קראַנקליכער היץ, געברענט און פּלוצלונג האָב איך דערפיהלט, אַז אָט דער איז דער געפעהרליכסטער פון די אַלע אַרום, וואָס ווילען דאָס וואונדערבאַרע פון מיר אַרויסרייסען... איך האָב מיך פערשטעלט פון איהם מיט ביידע הענד און מיט דער גאַנצער זעה-קראַפט האָב איך מיר דערפאַר איינגעגעסען צו-גלייך מיט איהם אין דער ווירטואָזין: איך האָב מיר אָבגע-שטעלט אויף די רעגולערע צוגען פון פּראָפיל, וואו בלויז די נאָז איז געווען עטוואָס פעררריסען ביים שפּיץ, אויף די זיכרזיכ-טיגע פינגערלעך איהרע; געבלאָנדזעט איבער די ראָזע-זיידענע פאַלדען פון איהר ברייט קלייד און צוריק אַרויף צו דער גאָלדענער אורעליע פון די לאָקען... און איך האָב געפיהלט, ווי מיין בליק ווערט אָנגעטרונקען, דורכגעזאַפּט מיט אַ ים פון ליכט און שאָטען-שפּיעל, פון פאַרב און טאָן, פון ציטער און קלאַנג... עס איז געווען דאָס וואונדערבאַרע צוזאַמענקומפט, וואו פאַרב און קלאַנג האָבען געשאַפען איין לעבענדיג וועזען און זיך פערקערפּערט... און דאָס איז געווען — זי...

דער קאָנצערט האָט זיך געענדיגט.

מיין חבר איז אויפגעשטאַנען אינגאַנצען בלייך, און ווי צומישט האָט ער געבלאָנדזשעט מיט זיין קרענקליכען בליק.

---

— — — — — — — — — — —

„טריעבע אומעטיגע טעג, בעגלייט פון לאַנגע, לאַנגע אָוועַנדען...

„און דאַן, ווען אין גרויע שאָטענס האָט זיך אַלץ פאַר-שטעלט, ווען טעג און נעכט האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין טריעב געשמעלץ, איז פון ערגעץ-וואו אַ שטראַהלען-או-רעליע אויפגעשוואומען און אַ זון איז אויפגעגאַנגען...

„און דאָס איז געווען—זי...

„אַ העלקייט האָט פון איהר געשטראַהלט; אַ העלקייט, וואָס האָט געוואַרעמט און געגלעט, פעריאָגענדיג די גרויע בייזע שאָטענס פון די לאַנגע טריעבע טעג.

„און אין די פיער ווענד פון מיין אַטעליע זענען שטראַה-לען איינגעבראָכען... האָבען זיי מיט זיך וואונדערבאַרע פאַר-בען געגאָסען און קלאַנגען צעטראָגען... און ליכטיג און קלאָר איז אַרום דאָ געוואָרען...

„מיט אַמאָל זענען די טונקעלע שאָטענס צורונען גע-וואָרען און פון דעם שטראַהלען-רוים האָט איין קלאָר און בעשטימט ציעל זיך אַרויסשיילען גענומען:

„—שטייגען און שטייגען!..

„אַזוי רופסטו מיך פון ווייטען, אָ, טענער-הערשערין!..

„און צעוויעגט פון דיינע צאַרטע פינגער, צעטראָגען זיך טענער און מיט זילבערנע גלעקעלעך פילען זיי אָן דעם רוים אַרום מיר, מישען זיך צענויף מיט די טויזענדער זונען-שטראַה-לען אין איין האַרמאָניע פון פאַרב און קלאַנג, פון וואַנען עס דערהויבט זיך שטאָלץ—

„—דו...

„אָ, טענער-הערשערין!..

„אין ליכטיגען רוים אַרום מיר זעה איך דיך דאַן, אין שטראַהלען געטראָגען מיט דיין וואונדערבאַרען מעלאַנכאָלי-שען שמייכעל, ווען דו קוקסט אַזוי פערטראַכט, מיט דיינע שענע, שענע פער׳חלומ׳טע טרויבען-אויגען... ערשיינסטו דאַן און צעזייהסט זילבער אין לופטען, וואָס צעקלינגט זיך „אין אַ געפלעכט פון טענער-פעדים און שפּינען און וועבען די וואונדערבאַרע נעץ פון די דערמערונגס-שטונדען...

„און דאַן צעגיסט זיך אין די אָווענד-שאָטענס אַ בענק-שאַפט—נאָך פאַרבען און טענער...—נאָך דיר...

„אָ, טענער-הערשעריז!..



„אין שטילע מינוטען קומסטו צו מיר.

„אויף גייסטער—פליגעל ערשיינכטו געטראָגען, שטאָלץ צעוואָרפענדיג ליכט-שטראַהלען אין די אומעטיגע ווינקעלעך פון אַנ׳אָרעמער מאַלער-אַטעליע...

„און איך, אָרעמער מאַלער, כאַפּ אויף דאָס ליכט און בעשיין דאַמיט מיין טריעבען הימעל-געוועלב, וואו ווילדע ווינדען יאָגען, ווי שוואַרצע חמאַרעס ברויזען...

„און ווידער ווערט ליכטיג, און ווידער ווערט וואַרעם אין די שאָטענדיגע ווינקעלעך דאָ... און אַ נשמה, וואָס דורשט נאָך שטראַהלען און ליכט, בעט ביי דיר, ווי פאַר׳ן בילד פון מערטירער:

„אָ, קלאַנגען-הערשערין! קום צו מיר אין מיינע איינזאַמע שטונדען!.. קום צו מיר מיט זילבער-קלאַנג, קום צו מיר מיט שטראַהלען-שיין, אין דיין מאַנטעל פון פאַרבען-רייך גע-הילט!..

„און דאַן וועל איך מיין פאַליעטע נעהמען און אין די

גליקליכע שטונדען וועל איך דיין רייץ און ליכט אין שאָטען פערוואַנדלען...

„אָ, טענער-הערשערין!..“

אַזוי האָב איך צו איהר אָנגעשריבען אין דעמזעלבען אָווענד, ווען מיר זענען ביידע, איך און מיין חבר, צוריק געקומען און אויף מאָרגען, געהענדיג אויף מיין מאָהל-סעאַנס, האָב איך עס אַריינגעוואָרפען אין פּאָסט-קעסטעל.

---

עס זענען אַריבערגעגאַנגען טעג און מיין חבר איז ערנסט קראַנק געוואָרען. גאַנצע טעג איז ער געלעגען אין ברענענדיגער היץ און מיט ברייט-געעפענטע אויגען נאָכגעקוקט יעדער בעוועגונג אַזוי, אַז אויף דער קלענסטער צייט האָב איך פון איהם ניט געקאָנט אָבטרעטען... איך האָב מיר געמוזט לאָזען ענטשולדיגען פאַר דער קליינער דאַמע, פאַר מיין פערנאַכלעסיגען די סעאַנסען און גאַנצע טעג פלעג איך איבערזיצען יעצט ביי זיין בעט, לעגענדיג איהם קאַלטע וואַסער-קאָמפּרעסען צום קאָפּ.

ביי מיר האָבען די לעצטע מטבעות אָנגעהויבען אויסגעהן אויף די פערשיעדענע פלעשעלעך, וואָס דער דאָקטאָר האָט פערשריבען און וואָס ער, דער קראַנקער, האָט בשום-אופן ניט געוואָלט נעהמען. פיעל מאָל פלעגט ער אין דער גרעסטער מורא צוהאַקען די צייהן אַזוי, אַז מיט קיין מיטעל פלעג איך איהם ניט קענען עס אַריינגיסען.

פּאַמעליך האָט זיך אָנגערוקט אַ צייט, ווען גרויע שאָטענס האָבען זיך ווידער בעזעצט אין דער אַטעליע. עס איז געוועזען קאַלט, גרוי און די ערשעפונג האָט זיך מיט זיכערע טריט גערוקט.

זעלטען ווען בלויז פלעגט דער קראַנקער אַנטשלאָפען ווערען. פלעגט ער מיט רחמנות'דיגע טענער זינגען, וואָס פלעגען אָנוואַרפען אַ שרעק... און פון די ווייטע ווינקעלעך—פלעגט זיך

מיר דאַכטען—רופען זיך אָב עפּעס קולות, וועלכע פערציהען די טענער און זינגען מיט...

אַמאָל פלעגט ער איבערשפּרינגען צו די טענער פון זיין קאָמפּאָזיציע. און מיט טרעהרען פלעגט ער זיך בעטען ביי איהר, אַז זי זאָל דאָס שפּיעלען, אַז דאָס האָט ער נור פאַר איהר געשאַפען...

אין אַזעלכע מאָמענטען האָב איך געוואָלט, אַז עפּעס זאָל געשעהן אַ זעלכעס, פון וואָס איך האָב נאָך קיין ריכטיגען בעגריף ניט געהאַט... און איך פלעג פאַר כעס צעברעכען די אַלמע ראַהמען, וואָס זענען געשטאַנען אין די ווינקלען און הייצען דאַמיט אין אויווען. פלעגט דאַן ווערען אַ ביסעל גרינגער: די לעבעדיגע פייער-צונגען פלעגען שאַפען ווי אַ פרעהליכקייט אַרום זיך און העל בעלויכטען די הויכע ווענד, פערהאַנגען פון שקיצען און בילדער...

און ער פלעגט דאַן זינגען און וויינען...

און איינמאָל פלעגט ער אָבזאָגען אַ תפילה, אָדער בעטען ביי גאָט מיט די הענד אויפ'ן ברוסט פערלעגט, פאַר איהרע לאָקען גאָלדענע, פאַר איהרע מעלאַנכאָלישע אויגען, וואָס זעהען אויס ווי גרויסע בלייכע פּערעל, פאַר איהר אומעטיגען שמייכעל, וואָס ליידט מיט איהם מיט, מיט איהם, דעם אָרעמען שפּיעלער... אָדער פלעגט דעקלאַמירען ניט קיין געבונדענע טראַגישע ציטאַטען פון פערשידענע קונסטווערק...

און איינמאָל, נאָך אַזאַ שלאָף, האָט ער מיך צוגערופען:

—זעה, ווי ברודיג איך בין, ניט געראַזירט, איך דאַרף דאָך היינט אַהין געהן...

איך האָב דערקאָנט, אַז ער רעדט פון היץ. באַלד אָבער האָט זיך זיין פּנים אויסגעלייטערט און ער האָט מיט אַ געבראָכענער שטים אַ זאָג געטאָן:

—איך געה דאָך שטאַרבען, שיק נאָך מיין מוטער, פאַר דיר האָב איך מורא...—און ער האָט מיר אויפגעגעבען דעם אַדרעס.

—מיין מאַמאַ...—האָט ער ווייטער גערעדט—און אַז זי

וועט קומען, וועט זי געהן איהר בעטען, אַז זי זאָל שפּיע-לען... און איהר וועט זי פאָלגען, און זי וועט שפּיעלען...

ער איז באַלד אַנטשלאָפען געוואָרען און איך בין אַראָפּ טעלעגראַפירען.

אויף מאָרגען איז געקומען צו פאָהרען אַן׳אַלטע מיט אַ טיעף-געקנייטשטע פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט ליידען און טיע-פע מוטערליכע ליעבע. זי האָט געבראַכט דאָרפישע קוישלעך מיט פּוטער, אייער און קעז, וועלכע איך האָב אַרויפגענומען און אַליין האָט זי זיך מיט שרעק אין די אויגען קוים געטראָ-גען איבער די טרעפּ.

איך בין איהר נאָכגעגאַנגען און באַלד זענען מיר געווען אין שטוב.

דער קראַנקער איז יעצט געלעגען בעוואוסטלאָז. מיט ברייט-געעפענטע אויגען האָט ער געקוקט אויף איין פּונקט גע-גענאיבער אויפ׳ן וואַנד, אונבעוועגט און רויט פון היץ. די אַל-טע האָט פערצווייפעלט געבראָכען די הענד, גיסענדיג שטראָ-מען טרעהרען איבער׳ן קראַנקענס בעטעל. עס איז אָנגעקומען אַ צייט פון דריקענדען שווייגען... יעצט האָט מיך בעהערשט אַ געפיהל, אין וועלכען איך האָב דערשפּירט דאָס גאַנצע עלענד-קייט אונזערס... „וואָלט ער דען ניט געשטאָרבען דאָ אַליין, דאָ אין דער הויך איבער דערדאָזיגער שטאָדט, ווי עס שטאַרבט יעדער וואָרעם פון די מויערן, יעדעס מינדעסטע בעשעפע-ניש ?.. ווער וואָלט אויף איהם אַ טרעהר געלאָזט, ווען ניט די אַלטע מאַמע ?.. איך ? זיין פריינד ?..״

און דאָ האָב איך מיר געטראָפען מיט׳ן שרעקליכען, וואָס איך האָב שוין לאַנג געפיהלט, נאָר דערפאַר מורא־געהאַט... „ער שטעהט מיר אין וועג צו איהר...—האָט מיר ווער גע׳סוד׳עט אין אויער—„און דו, דו וואָלסט...״

די אַלטע האָט מיר עפּעס אַ פרעג געטאָן. איך האָב אויפ-געהויבען דעם קאָפּ און האָב געזעהן, ווי די אַלטע האָט איהם איבערגעטאָן, זיינע אומריינע וועש, גלעטענדיג איהם און קו-שענדיג איהם. „ער, אַ מוזיקער און איך, אַ מאָלער—האָט ווי-

דער דאָ דערזעלבער קול מיר גע׳סוד׳עט,—„ווער ליעבט אונז? ווער דאַרפט אונז? אָט שטאַרבט ער און ווען מען זאָל איהם מוזען בעגראָבען, וואָלט זיך דאָך קיינער צו איהם אַפילו ניט צוגעריהרט... ווערמען וואָלט ער דען געפעהלט?.. נאָר זי, די אַלטע מאַמע, זי קומט יעצט פון דאָרף אין דער פרעמדער רוישיגער שטאָדט אַריין היילען איהם, איהר קינד, וואָס האָט איהר פערלאָזט און געלאָפען אין שטאָדט—צו ווערמען?— — —

עס איז געוואָרען האַלבער טאָג און איך האָב מיר גע-קליבען אויפ׳ן סעאַנט.

אין די עטליכע טעג, וואָס איך בין געזעסען ביים קראַנ-קען האָט זיך דאָס וועטער אינגאַנצען געענדערט. די גרויע הימלען האָבען זיך ווי אויסגעוואַשען און האָבען טיעף געבליהט, צוגיסענדיג ליכט-שטראַהלען אין אַלע ווינקעלעך. עס האָט זיך דערשפירט דער ערב-פריהלינג. די טראָטואַרען זענען געוועזען טרוקען און האָבען ערטערווייז שוין געשטויבט פון דער גרויסער בעוועגונג. דאָ און דאָרט אין די סקווערען האָט זיך שוין בע-וויזען אַ גרינער גראָז: פריהלינג קומט!..

אויך אויף מיר האָט דאָס שענע וועטער געווירקט און איך בין געגאַנגען, איינאָטעמענדיג מיט׳ן גאַנצען כח דאָס פרי-שע פריהלינג-ווינטעל. מיר האָט פּלוצלונג אויסגעוויזען, אַזוי ווי איך וואָלט גאָר אַ לאַנגע צייט ניט געווען אויפ׳ן גאַס און האָב געשפירט דאָס, וואָס אַ פערלאָזענער געפאַנגענער שפירט אפשר, ווען מען לאָזט איהם ווידער אַרויס אויף גאָטס וועלט.

פרעהליכע, שמייכלענדע פנימ׳ער האָבען זיך פאַר מיר געטראָגען. דאַמען אין לייכטע בלוזען, הערען אין העלע אַנציגע און מיט שטעקענס אין די הענד—האָבען זיי אין מיר געוועקט עפּעס פרעהליכעס, וואָס האָט געציטערט צוזאַמען אין אַ נעפּעל-דיג ערוואַרטען: באַלד וועל איך זיין דאָרט, אויבען, ביי איהר, ביי די פער׳חלומ׳טע גרויסע טרויבען-אויגען...

דורך ווייסע מאַרמאָרנע טרעפּ האָב איך מיר אויפגעהוי-בען—אַלץ דיזעלבע ווייס-מאַרמאָרנע טרעפּ, וואו מיט אַזעלכע

שטאַרק-קלאַפּענדע הערצער האָבּען מיר זיך ארויף און אַראָבּגע-טראָגען... ווען איך בּין געווען אינוועניג, זענען מיר עפּעס קלאַנגען פערלאָפען, איך האָבּ מיר אָבּגעשטעלט, עס האָט גע-שפּיעלט אַ פּיעדעל... זי... נאָר וואָס עפּעס מיר אַזוי בּעקאַנ-טעס?—און דאָ האָט בּיי מיר האַסטיג פערקלאַפּט דאָס הארץ: עס זענען געווען טענער פון זיין קאָמפּאָזיציע...

איך האָבּ אָנגעקלאַפּט און בּאַלד בּין איך געווען אין זאַל. רעכטס פון טיר איז יעצט געשטאַנען דאָס בּילד, צוגעדעקט מיט'ן לייוואַנד און טיעפער, ניט ווייט פון די גרויסע בּאַלקאָן-טירען איז זי געזעסען, זי, דיווירטואָזין, אין אַ בּרייטען סאַ-מעט-געבּעטען שטוהל. מעהר זענען אין סאַלאָן קיינער ניט גע-ווען.

—סאָלאָ?—האָבּ איך געזאָגט און בּעגריסט, געבּענדיג די האַנד, זי האָט מיר דערלאַנגט איהר הענדטעל, אויפהויבּענדיג זיך עטוואָס פון שטוהל.

—סאָלאָ... ווען עס איז ניטאָ קיין דועט...

—דאַן האָבּ איך מיר ערלויבּט צו קומען...—האָבּ איך גע-זאָגט ניט מיט מיין קול.

—זעהר אָנגענעהם...—האָט זי געענטפערט.

אין מיר האָבּען אַלע אָדערן זיך צושפּיעלט. איך האָבּ דערפּיהלט, ווי מען וואָלט מיך פּלוצלונג אַ טראָג געטאָן איבּער בּערגער און ימ'ן און אַראָבּגעלאָזט אויף אַנ'אָרט, וואו עס הויכט מיט פריהלינג, וואו עס בּליהט די האָפנונג... אַ מינוט בּין איך געשטאַנען אָהן ווערטער, דאַנקענדיג אַלע געטער פאַר דעם, וואָס זיי האָבּען בּעשאַפען אַזעלכע מינוטען. איך האָבּ ניט געוואוסט וואָס איך זאָל מיט מיר טאָן. איך האָבּ געקוקט אויף דעם שמיי-כעל, וואָס האָט געבּלאָנדזשעט אַרום איהר מויל, וואָס איז מעהר עהנליך געווען צו אַ ראָזען-קנאָספּ, אויף די גרויסע טרויבּען-אויגען, אויפ'ן האַלז און ענדליך אויף די ווייכע פאַלדען פון איהר קלייד, וואו עס האָבּען זיך געזעהן שטריכען פון אַ פער-בּאָרגענער גראַציע און האָבּ געפיהלט דאָס שטאַרקע קלאַפּען פון

האַ־ך... און דאָ איז אָנגעקומען אַ שטילקייט, איינע פון יענע שטילקייטען, וואָס רוישט אין די אויערען ווי אין אַ ים-מושל... זי איז געזעסען אַלץ מיט דעמזועלבען שמייכעל אויף די ליפען, שפּיעלענדיג זיך מיט׳ן בויגען פון פּיעדעל און געקוקט פאַר זיך.

—איך זעה, איך האָב אייך געשטערט... איהר האָט צו-ליעב מיר איבערגעריסען אייער שטודיום אָדער אפשר קאָמ-פּאָזיציע...—האָב איך ענדליך עפּעס אויסגעפונען.

—ניין...—האָט זי געענטפערט, אינגאַנצען זיך פערפלאָ-מענדיג... און ווידער איז אָנגעקומען די פריהערדיגע שטיל-קייט.

—איהר וועט היינט ניט קענען מאָהלען,—האָט זי נאָך אַ לענגערען שווייגען אָנגעהויבען.—די שוועסטער איז ביים שניי-דער...

איך בין צוגעגאַנגען און איבערגעדעקט דאָס בילד. דאָס פּנים איז געווען שוין כמעט געענדיגט, די קליינע שמאָלע אויגען זענען געווען ברייט געעפענט און דאָס פּנים אַראָבגע-בויגען—כדי עס זאָל אויסזעהן וואָס שענער און רעגולערער; נאָר צום פאַלשסטען זענען געווען די פאַרבען! דאָס „אומבראַ" איז דאָ געווען אומעטום פערביט׳ען מיט אַ פערפודערטען „רוזש," וואָס האָט צוגעגעבען אַ פרישקייט דעם פאַרמעט-פּנים... נאָר אין אַלגעמיין האָט עס געהייסען—געלונגען...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער ווירטואָזין. זי איז גע-זעסען אונבעוועגט און געקוקט אין דרויסען, ניט וואַרפענדיג די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט אויפ׳ן אָבגעדעקטען בילד... דאַן האָב איך געוואָלט אַ וואָרף טאָן דאָס גאַנצע געשטאַלט אויפ׳ן פּאַרקעט און אַוועקגעהן!.. איך האָב אַראָבגעלאָזט דאָס לייווענד און בין—צוריק צו איהר...

—זעצט זיך,—האָט זי מיר געזאָגט,—ווייזענדיג אויף אַ טאַ-בורעט, וואָס איז נעבען איהר געשטאַנען.

איך האָב מיר געזעצט.

—אין דרויסען שפּירט זיך שוין דער פריהלינג,—האָב איך

אָנגעהויבען, שפּירענדיג דאָס אָנרוקען זיך פון דער שטיל-קייט,—מען זעהט שוין אַפילו אַ גרינעם גראָז אין די סקווע-רען.

—אַזוי, פריהלינג ?—און דאָ שפּירט זיך עס גאָרנישט,—האָט זי געזאָגט, קוקענדיג מיר גלייך אין די אויגען.

—און איך האָב דאָס אויך ניט געוואוסט,—האָב איך ווייטער גערעדט.—מיין חבר, מיט וועמען איהר זענט אַנ'אָוועגד בעקאַנט געוואָרען, אַ מוזיקער, איז געפעהרליך קראַנק און איך האָב געמוזט זיצען נעבען איהם די גאַנצע צייט.

—איך בין מיט איהם בעקאַנט געוואָרען, אַ מוזיקער ?—האָט זי געפרעגט, רעדענדיג פאַר זיך.

—אַ הויכער, אַ ברונעט, וועמענס קאָמפּאָזיציע איהר האָט, דאַכט זיך, יעצט געשפּיעלט...

דאָ איז דער מעלאַנכאָלישער שמייכעל איהרער פערשוואונדען און אָנשטאָט דעם האָבען זיך די אויגען ביי איהר אָנגעצונדען מיט עפּעס אַ פייערל פון טיעפען עקסטאַז.

—אַ וואונדערבאַרער מאָטיוו...—האָט זי אַ זאָג געטאָן, אָהן ווערטער אויפהויבענדיג דעם פיעדעל פון דער ערד און האָט אָנגעהויבען שפּיעלען.

איך בין זיצען געבליבען, איינהערענדיג זיך צו די אַזוי גוט-בעקאַנטע טענער, וועלכע זענען אָבער פיעל פערענדערט געוואָרען און אַזוי לייכט זיך צוטראָגען, איבערפילענדיג מיט זיך דעם גרויסען סאַלאָן. אַ פרישער פערוויטעלטער הימעל האָט אַריינגעקוקט דורך די גרויסע באַלקאָן-טירען און בעגאָסען אַלץ מיט אַ ברוינליכען טאָן, וואָס האָט זיך בעזונדערס אָבגעשלאָגען אין דער פאָלירטער דעק פון פיעדעל, איבערוואַרפענדיג אַנ'אָבגלאַנץ אויף די צעבליהטע באַקען פון דער שפּיעלערין.

זי איז גלייך געזעסען אויפ'ן שטוהל, אָנהויבענדיג אַלע מאָל פון אָנהויב דאָס געענדיגטע און שפּיעלענדיג עס אַלעמאָל זיסער, טיעפער און בענגליכער... עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט צוגעהט וואָס אין קלאַנגען, שטאַרבט-אָב מיט אַ בענקשאַפט

אין האַרצען... און איך האָב געזעהן יענץ מיידעל, שטאַרבענ-דיג מיט אַ נישט-דערזאָגטער ודוי אויף די בלייכע ליפען... אַמאָל ווידער האָבען זיי געריסען ווי אַ צעבראָזטער שטראָם און ווידער געוואָרען האַרציג, בעטענד און האָבען זיך דורכ-געפלאָכטען מיט בלויז עטליכע שאַלענדע אַקאָרדען.

איך האָב געזעהן מיין פריינד, שטעהענדיג באָרוועס אין דער קאַלטער אַטעליע פאַר זיין בעטעל מיט'ן פיעדעל אין האַנד, אַ צעהיצטער, מיט צעשויבערטע שוואַרצע האָר, ציהענדיג די-זעלבע אַקאָרדען און טענער... „פאַר איהר, נאָר פאַר איהר— האָט מיר געבויערט אַ געדאַנק—נאָר פאַר איהר האָט ער עס געשאַפען"...

און מיר האָט געדאַכט, אַז אָט שאַפט זיך אין לופטען עפּעס אַזעלכעס, וואָס נעהמט אַוועק איהר פון מיר ווייט און וואָס גיט איהר איינגאַנצען איבער איהם, מיין חבר... און ער פלעכט איהר איין מיט זיין טענער-נעץ און טראָגט איהר ווייט, ווייט אין די וועלטען, וואו איך קאָן ניט מיט...

דאָס שפּיעלען האָט איבערגעריסען. איך בין נאָך לאַנג געזעסען מיט אַ געפיהל פון אַ בעטריבטען און אין די אויערן האָבען מיר אַלץ געקלונגען די ווייכע פערבענקטע טענער... נאָר אָבער אַנדערש: אָט די טענער זענען פאַר מיר ווי אין אַ נצחון-מאַרש פערוואַנדעלט געוואָרען און איך האָב דערפיהלט די גאַנצע גרויסע איבערמאַכט פון מיין חבר... „זי האָט דאָך אויף דיין בילד אַפילו אַ קוק טאָן ניט געוואָלט!"—האָט מיר געזונגען אין די אויערן... נאָר, ענדליך, האָב איך אָנגעהויבען:

—אַ וואונדערבאַרער לייט-מאָטיוו פלעכט דאָס דורך... און דאָס איז—אַנ'עכאָ פון אונזער לעבען... דאָס איז דאָס שטענ-דיגע בענקען...

זי האָט אַוועקגעלעגט דעם פיעדעל, און קוקענדיג אויף מיר מיט פערנעפּלטע אויגען האָט זי געפרעגט:

—נאָך וואָס?..

—נאָך פאַרבען, נאָך טענער, נאָך שטראַהלען...

—נאָך שטראַהלען ? איהר ?..

—נאָך שטראַהלען... קענט איהר די ווינקעלעך, וואו עס פליסט דאָס בענקענדע לעבען? דאָס זענען מאַנכמאָל גרויסע נאָרעס, וואו עס נעסטען זיך טריעבע טעג און לאַנגע נעכט... דאָס פערשטעהט איהר אפשר ניט, סאַלאָנען-קינדער !..

זי האָט אָנגעשטרענגט אויף מיר געקוקט, ווי פאַרשעג-דיג לויט מיינע געזיכטס-ציגען, און איז פערגליווערט געוואָרען אין איין פּאָזע פול אויפמערקזאַמקייט. איך האָב ווייטער גע-רעדט :

—און דאָ בעזוכט זיי די מוזע... זי קומט אַהער אין די גרויע פייכטע ווינקלען צו די מיט-איינגעפאַלענע פּנים'ער און בליציגע אויגען, דאַן, ווען די נויט האָט זיי שוין לאַנג בע-הערשט... און בעשענקט זיי מיט טענער און פאַרבען...

—און מיט בענקשאַפט נאָך שטראַהלען ?..—האָט זי גע-פרעגט.

—און מיט בענקשאַפט נאָך שטראַהלען... פיהלט איהר דען ניט, וויפיעל עהנליכקייט עס האָט דער קלאַנג מיט'ן שטראַהל ? אָט זענען געווען מאָמענטען, ווען איהר האָט גע-שפיעלט—האָט איהר דען ניט געשפירט ווי שטראַהלען וואָלטען זיך צוטראָגען, זילבערנע פעדים, מיט איטליכען בויגען-ציה ? איך האָב עס געפיהלט און האָב אפשר די שטראַהלען געזעהן... דאָס איז די וואונדערבאַרע האַרמאָניע פון טאָן און פאַרב, וואָס פערקערפּערט... איך...

איך האָב אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט ניט מיט מיין קול און האָב דערפיהלט, ווי איך וואָלט מיך מיט אַמאָל אַ וואָרף געטאָן פון אַ הויכען באַרג...

איך האָב געשוויגען. עס זענען אַריבער עטליכע מינוט, וועלכע האָבען מיך געפייניגט מיט זייער שטילקייט. דער ברוי-נער הימעל איז געוואָרען רויטליך און האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ מאַסע צעגליהטע אייזען, איבער וועלכע עס האָבען זיך

שאַרף געצייכענס די טונקעלע קאָנטורען פון די זייטיגע מויע-רען.

—וויפיעל עהנליכקייט עס האָט דער טאָן מיט'ן שטראַהל... טאָן און שטראַהל, ווי ווייט דאָס געהט זיך ביי מיר פונאַנ-דער!..—און איהר זעהט דאָס?..—האָט זי ענדליך אַרויסגעזאָגט מיט עפּעס אַ געבראָכענע שטים און געקוקט פאַר זיך.

—און איך זעה דאָס!..—האָב איך אָנגעהויבען.—און לאַנג, לאַנג, ווען מען זיצט אין די גרויע פאַרנאַכטיגע שטונדען אין דער איינזאַמער אַטעליע, צוקלינגט זיך די וואונדערבאַרע האַרמאָניע אין גלעקעלעך פון זילבער און עס צעגיסט זיך אַ העלקייט, וואָס פערוועבט די נשמה אין דער ווייכער נעץ פון די דעמערונגס-שטונדען, און דאַן...

—דאַן זענט איהר—פּאָעט...—האָט זי איבערגעריסען, אינ-גאַנצען רויט ווערענדיג.

—דאַן איז די שטימונג... דאַן איז דער צושטאַנד, וועל-כער קען געוויס אָנגערופען ווערען... און וועלכער נעהמט אָבער זיין קוועלע...

—פון שטראַהל און פאַרב?..—האָט זי דערענדיגט מיט אַ פראַגע.

—און פון קלאַנג און טאָן... און פון דער, וועלכע הערשט איבער דיביידע... פון אייך...

—און די איז אייער מוזע?..

איך האָב דערפיהלט אַ צעמישונג, ווי פון אַנ'ענטטוישונג; אָט דאָס שטורמישע, וועלכעס איך האָב ערוואַרט ביים אַרויס-זאָגען דאָס, וואָס האָט אַזוי געפּרעסט אין מיר ערגעץ טיעף— איז אַריבער שטיל, בלויז מיט אַ פראַגע און געוועהנליכער פער-וואונדערונג... איך האָב ווייטער גערעדט:

—און די איז מיין מוזע... און זי קומט צו מיר... זי קומט מיט גייסטער-טריט און שפּינט אַרום מיר יענע זילבער-נע נעץ פון די אָווענד-שטונדען... אָט די קומט צו מיר, אין שטראַהלען געטראָגען, שפּינט די צאַרטע זילבער-פעדים און פערשווינדט אין די ערשטע מאָרגען-שטראַהלען...

—אין די ערשטע מאָרגען-שטראַהלען פערשווינדט זי?..—
האָט זי פּלוצלונג איבערגעריסען מיט אַ טרויעריגער מעלאַנכאָ-
ליע,—און זעהט ניט דאָס ליכט...

—זי איז דאָס ליכט אַליין... זי בעהערשט דאָס ליכט, ווי
דעם טאָן, ווי דעם קלאַנג, און רופט צום שאַפען...

—פּאָעמאַטען?..

איך האָב דערפיהלט, ווי דאָס בלוט קומט מיר אין פּנים
אַריין און גלייכצייטיג האָב איך דערזעהן דעם פּומס, וואָס
האָט יעצט איהר גאַנץ פּנים בעדעקט.

—און אַלץ, וואָס דריקט אויס, צו וואָס זי רופט—האָב
איך געענטפערט. עס איז בלויז די פאָרמען-ענדערונג, עס איז
בלויז די פערוואנדלונג פון שטראַהל אין טאָן, פון טאָן אין
וואָרט, פון וואָרט אין בוכשטאַב... און דאַן הייסט עס פּאָע-
מאַט... און דאַן בין איך געווען...

—עס איז בלויז די פערוואַנדלונג פון שטראַהל אין
טאָן,—האָט זי געזאָגט פערקלערט.—און ווען קיין שטראַהל איז
ניטאָ?..

—וואָס הייסט?..

—איהר ווייסט דען ניט?..—האָט זי געזאָגט, פערוואונדערט
קוקענדיג אויף מיר, און איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט
מיט טרעהרען.

—וואָס זאָל איך וויסען?—האָב איך געפרעגט פערוואונ-
דערט.

זי האָט זיך אַ בעוועג געטאָן אויף איהר אָרט און צוויי
גרויסע טרעהרען האָבען זיך אַראָבגעקוילערט איבער איהר צע-
היצט פּנים און אַראָבגעפאַלען אויפ׳ן גלאַנציגען פּאַרקעט, צע-
שפּרינגענדיג ווי צעפּלאַצט קריסטאָל.

אין מיר האָט דאָס בלוט האַסטיג צירקולירט, טרייבענדיג
אַ געריש אין די אויערען און אַ רויך פאַר די אויגען. איך
האָב ניט פערשטאַנען, וואָס דאָס זאָל בעדייטען, אַזאַ פּלוצלונ-

גער איבערגאַנג פון געמיטליכן רעדען צו—טרעהרען... טרעה-רען ?.. יאָ, דאָס איז ניט געווען צו פערלייקענען... און איך האָב דערשפירט, ווי עס וואַקסט עפּעס אויס געהיימעס, אונפערשטענד-ליכעס... וואָס זאָל איך וויסען! וואָס דאַרף איך וויסען ?..—
האָב איך מיר געפּרעגט און מיט'ן גאַנצען כח זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין איהר, ווע'ענדיג עפּעס איבערלייענען איבער די מעלאַנכאָלישע געזיכטס-ציגען איהרע.

פון אַ זייטיגער קעשענע האָט זי אַרויסגעצויגען אַנ'איינ-געלייגטען קאָנווערט. איך האָב דערקאָנט מיין פּאָעמאַט. זי האָט איהם מיר דערלאַנגט.

—וואָס איז דאָס ?—האָב איך פּרובירט אַ פרעג טאָן.

—לייענט מיר דאָס...—האָט זי געזאָגט און זיך פערקוקט צום צופאַלענדען אָווענד אין דרויסען.

מיר האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ, עפּעס אַ געפיהל האָט מיך בעהערשט, וואָס האָט געשראָקען און געפרעהט צוזאַ-מען. „אָט איז ענדליך געקומען דער מאָמענט—האָט מיר וואָס גע'סוד'עט—ווען אין די שטילע דעמערונגס-שטונדען, קאָן איך זיצען מיט א י ה ר, אונגעשטערט פון קיינעם און איהר לייע-נען דאָס, וואָס איז פאַר איהר איינער געשריבען געוואָרען אין טיעפער בענקשאַפט אין אַזעלכע שטונדען...

איך האָב מיט אַ ציטעריג קול אָנגעהויבען:

—„טריעבע אומעטיגע טעג, בעגלייט פון לאַנגע, לאַנגע אָווענדען..."

—טריעבע אומעטיגע טעג, בעגלייט פון לאַנגע לאַנגע אָווענדען,—האָט זי נאָכגעזאָגט, צעציהענדיג יעדעס וואָרט און האָט שווער אָבגעזיפצט. איך האָב פאָרטגעזעצט:

—„און דאַן, ווען אין גרויע שאָטענס האָט זיך אַלץ פער-שטעלט, ווען טעג און נעכט האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין טריעב געשמעלץ..."

—ווען טעג און נעכט האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין טריעב געשמעלץ... — האָט זי ווייטער איבערגע'חזר'ט, וואָס איך האָב געלייענט.

—„איז פון ערגעץ וואו אַ שטראַהלען-אורעאָליע אויפגע-שוואומען און אַ זון איז אויפגעגאַנגען...

„און דאָס איז געווען—זי"...

—גענוג...—האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד.

און ווידער איז אַ שטילקייט אָנגעקומען, אַ שטילקייט, וואָס האָט מיר גערוישט און געשאַלט אין די אויערן. זי האָט שווער עטליכע מאָל אָבגעזיפצט און אָנגעהויבען:

—און דאָס איז זי געווען אַ שטראַהלען-אורעאָליע... אַ זון... און איהר האָט זיך אין איהר איינגעליעבט, אמת?.. און זי פלעגט צו אייך קומען אין אייערע גרויע ווינקלען און מיט שטראַהלען זיי אויסזייהען און מיט ליכט אויספילען, און אייך צום שאַפען גערופען?.. אין איהר האָט איהר גערופען: מוזע, טענער-הערשערין, האַרמאָניע פון פאַרב און שטראַהל?,—און זי, אייער מוזע, איז—נאַכט... פינסטער...

—נאַכט? פינסטער...

—יאָ! נאַכט, פינסטער... טאָג, ליכט, שטראַהל—איך שייד עס ניט אונטער... האָט איהר דען ניט געוואוסט, אַז איך בין אַ בלינדע?..

אַ בלינדע?!.

—יאָ, איך, אייער מוזע—אַ בלינדע!..

זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר אָרט, זוכענדיג מיט דער האַנד פאָראויס... מיט אַמאָל האָט מיר אויסגעוויזען, אַזוי ווי אַלץ וואָלט זיך גענומען דרעהען, קעהרען און ווינקען; עס האָבען זיך אַ מיש געטאָן פאַר מיר פאַרבען העלע, רויטע און שוואַרצע און פייערדיגע רעדער, וועלכע האָבען זיך מיט אַ וויל-דען אימפעט געדרעהט און געפלאָכטען אין איין פאַרביגען מיש-מאַש פון פונקען, בליצען און שאָטענס...

זי איז געגאַנגען צו די גרויסע שויבען-טירען פון באַל-קאָן, זוכענדיג מיט די הענד... און איך האָב דערזעהן פאַר זיך די בלינדקייט אין איהר גאַנצער גרויזאַמקייט!.. זי, די שע-נע, זי, די ווירטואָזין, זי, וואָס האָט ליכט געזייהט אין אונזע-

רע גרויע ווינקעלעך—זי זעהט קיין שטראַהל ניט, זי קאָן ניט אונטערשיידען טאָג פון נאַכט, זי איז אַ בלינדע! זי איז אַ הילפלאָזע אין איהר גאַנצער גרויסקייט!..

—אָ, בלינדע טענער-הערשערין!..

איך האָב געוואָלט שרייען, רייסען זיך, ברעכען און צע-שמעטערן אַלץ, וואָס אַרום... מיט אַ מאָל האָט מיר אָבער אַרום-גענומען אַ געפיהל פון אונטערטעניגקייט און איך האָב געוואָלט וויינען, וויינען איבער איהר, איבער זיך און איבער מיין אַזוי אונגליקליכען חבר, וואָס ליעגט יעצט אויפ׳ן טויטען-בעט און שטאַרבט, ניט וויסענדיג, אַז זי, זיין טענער-הערשערין, זיין מו-זע, איז אַ בלינדע... אַנ׳אונגליקליכע בלינדע ווירטואָזין... און דאָ האָט זיך מיר דערמאָהנט דער פריהמאָרגען, ווען ער, מיין חבר, איז אויפגעשטאַנען מיט פערלעגטע הענד אויף דער ברוסט און מיט שרעק אין די אויגען דערצעהלט פון אַ ברייט גרוי פעלד פערשטעלט מיט איינגעהויקערטע צלמים, פון וועלכע דער ווינד רייסט די צעשפרייטע אָרעמס... ער ליעגט טויט און זי שפיעלט זיין לעצטע קאָמפאָזיציע...

דער אָווענד איז מיט אַמאָל צוגעפאַלען. שנעל האָבען זיך געלאָשען די צעגליהטע וואָלקען-פאַסען און אין דער גרויער אָווענד-שטונדע האָט זיך צעטראָגען אַ שטיל פערשטיקט שלוכ-צען...



## מיין ערשטע איפּערזוכט.

ביז אויף היינטיגען טאָג ליעגט עס נאָך דאָרט דאָס שטעדטעל. אָנגעוואָרפּען אויף אַ פלאַכער העכערונג אויפ'ן רעכטען ברעג פון בוג, הויבט זיך עס אָן מיט טיעפע זאַמדען נעבען יודישען און גויעשען בית-עלמין און ענדיגט זיך, ציהענדיג זיך אין איין גאַס פון שפּיציגע הייזלעך, ביי דער אַלטער חורבה פון אַ טורם, וועגען וועלכען זעלטען ווער עס ווייס צו דערצעהלען. און דאָרט אין דעם שטעדטעל בין איך געבוירען געוואָרען. אין די זוניגע קינדער-יאָהרען בין איך דאָ אַרומגעלאָפען באָרוועס און מיט אַ פערברענט פּנים; געריטען אויף בערדיגע ציגען, וועלכע זענען ביי אונז געווען גאָר פון אַדעל פון זייער מין, געכאַפּט „יעלדעס" אין טייך, געזוכט מושלען און געוואָרפען שטיינער ביז שפּעט אין אָווענד. פלעגט מיין מאַמע קומען נאָך מיר, אָנרייסען מיר פאַר די אויערן און שלעפּען אַהיים. און גרויס איז געווען אונזער היים. אַ גרויסע פּראָנטיגע שטוב מיט אַ סך פענסטער—האָט זי זיך געטיילט אויף עטליכע חלקים, פון וועלכע פּאָרנט איז געווען אַ שענק. איך ווייס ניט, אויב די שענק ציהט איהר יחוס נאָך פון זיגמונד דעם גרויסען, אָבער דאָס איז אָהן צווייפעל, אַז זי האָט שוין אונטער זיך אַ סך דורות געהאַט. איך האָב שוין דאַן אַפילו אַזוי פיעל געהערט פון איהר, פון דער שענק, דערצעהלען, אַזוי פיעל שענע פּרעה-

ליבּע און שרעקענדיגע מעשיות פון פּאָוסטאַניעס, מלחמות און חתונות; נאָר געדענקען געדענק איך בּלויז דאָס, אַז מיין זיידע, אַ שטילער און אַ חשוב׳ער בעל-הבית, איז געווען אַ גרויסער האָלץ-סוחר און די באָבּע, אַ שרייענדיגע און בּייזע, איז געווען די שענקערין. פלעגען דאָ אַהער קומען אַלע סוחרים „שיפערס״ און אָרעליעס פונ׳ם גאַנצען האָלץ, וואָס איז אויפ׳ן בוג געשוואומען; פלעגט דאָ צו רוישען, ווי אַ יאָהר-יריד, און ווען נאָך מיין זיידענס טויט איז די באָבּע אויך געשטאָרבען, איז דאָס אַלץ איבּערגעגאַנגען צו די קינדער, וועלכע די באָבּע האָט געהאַט אַכטצעהן און געבּליבּען זענען פינף. און דעמאָלט איז אויף אונז אויסגעפאַלען צוזאַמען מיט׳ן האָלץ-האַנדעל די שענק. בּיי אונז אין שטוב איז דעריבּער געווען היימליך. פערשידענע „וואַסער-יודען״ מיט קליין-רוסישע גוים און סתם אַדורכפאָהרענדיגע פרעמדע מענשען האָבּען דעם גאַנצען זומער אין די זייטיגע שטובּען פערפולט די שענק.

און דאַן איז זי צו אונז געקומען.

איך געדענק ווי היינט, ווען איך בּין אַריינגעקומען אין דער גרויסער קיהלער שטוב, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן הויף, האָבּ איך איהר פּלוצלונג דערזעהן. זי איז געזעסען אין אַ בּלויען בּרייטען שלאָפראָק... האַלב אָנגעשפּאַרט אויף אַן׳אַלטמאָדישען פאָטעל, וואָס איז נאָך פון זיידען געבּליבּען און האָט זיך געקיהלט ס׳פּנים מיט אַ גרויסען פעכער. איך בּין געווען בּאָרוועס, מיט פערשאַרטע הויזען, און מיט אַ קריגעל רויטע וועריעס צו פּיש-כאַפּען, און ווען איך האָבּ דערזעהן פאַר זיך אַזאַ שענע און פרעמדע „מוהמע,„ האָבּ איך מיר אַ דרעה-געטאָן און שוין געוואָלט אַנטלויפען.

—שטעה נאָר, אַנטלויף ניט!..—האָט זי מיר בּאַלד אַ זאָג געטאָן.—איך האָבּ מיר, ניט ווויסענדיג פאַרוואָס, איינגאַנצען פערשעמט.

—דו בּיזט פון דאַנען?—האָט זי געפרעגט.

—יאָ,—האָבּ איך געענטפערט און האָבּ געקוקט אויף איה-

רע שענע גרויע שיכעלעך, וואָס האָבען אַרויסגעשטעקט פון די בלויע פאַלבען פוןברייטען שלאָפראָק.

—ביסט אַ זוהן פון דער ווירטין, און וואָס טוסטו יעצט?—איז זי געזעסען און האָט געפרעגט.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. איך האָב פערשטאַנען, אַז עס איז ניט שען, אַז אַזאַ יונג, ווי איך, זאָל שטעהן פאַר דער פרעמדער „מוהמען" מיט אַרויפגעשאַרצטע הויזען, פערליימיגט, פערבלאָטיגט, פערברענט און מיט אַ קרוג רוטע ווערעם. איך האָב דעריבער אַלץ געקוקט אויף איהרע שיכלעך און גאָרנישט געענטפערט.

—דו כאַפּסט יעצט פיש, זעה איך,—האָט זי געזאָגט.—איז דער בוג אַ גרויסער טייך?..

—יאָ...—האָב איך ענדליך אַרויסגעזאָגט.

—זעה נאָר, דו ביזט אַ שענער יונגעל. פאַרוואָס שעמסט דו זיך אַזוי?..

דאָ האָב איך מיך נאָך שטאַרקער פערשעמט. איך האָב געוואָלט מיט אַמאָל אַ שפרונג-טאָן און פערשוואונדען ווערען פון שטוב אַרויס, אַז זי זאָל מיך שוין צורוה לאָזען.

—קאָנסטו זיך שיפען אויפ'ן וואַסער?—האָט זי ווייטער בעפרעגט.

—יאָ...—האָב איך געענטפערט.

—און ווייסט אומעטום דאָ וואו צו געהן?

יאָ.—מיר איז געוואָרען אַ ביסעל גרינגער.

—וועסט געהן מיט מיר היינט פאַרנאַכט שפּאַצירען, יאָ? נאָר וועסט זיך ניט אַרומוואַשען, נאָר אַזוי ווי יעצט, יאָ?

—יאָ... נאָר די מאַמע וועט אַזוי ניט לאָזען...—האָב איך איהר געוויזען אויף מיינע פערבלאָטיגטע פיס.

—האָב ניט מורא, מיין יונגעל, די מאַמע וועט שוין לאָזען... וועסטו קומען פאַרנאַכט?

—יאָ...

דאָ האָב איך מיר יעצט אַרומגעקוקט אין שטוב. דאָס גאַנצע צימער איז געווען פערשטעלט מיט קישען און קוישלעך

אויסגעבאַקטע און נאָך אינגאַנצען מיט שטריק אַרומגעבונדענע. אומעטום זענען געווען פערשידענע גלאַנציגע און שענע זאַכען, וועלכע האָבען געוואונקען און געצויגען. איך האָב ברייט-געע- פענט די אויגען און אַרומגעקוקט די אַלע שענע זאַכען, איינ- אָטעמענדיג טיעף דאָס שמעקענדיגקייט, וואָס זיי האָבען צוטראָ- גען, אַזוי ווי פון שענע בלומען... נאָר בעגעגענענדיג זיך מיט דער מומעס גלאַנציגע בליקען, בין איך אַרויס און אַוועק צום טייך אויף פיש. די זון האָט שטאַרק געברענט. און איך האָב מיך פערקליבען אונטער אַ צוזאַמענפלעכט פון אַלטע קושאַקעס אויף יענער זייט לאָנקעס, פערוואָרפען מיין ווענדקע און, קוקענדיג אויפ'ן „שווימער", האָב איך מיך שטאַרק פערטראַכט. איך האָב געקלערט, אַז זינט עס קומען צו אונז פרעמדע מענשען, איז נאָך אַזאַ איינע נישט געווען, אַז דאָס איז עפּיס גאָר אַ שענע און אַ רייכע „מומע," וואָס אַלץ אַרום איהר גלאַנצט אַזוי און אַלץ שמעקט מיט אַזעלכע שענע ריחות, אַזוי ווי פון בלו- מען... און אַז זי איז אַזאַ גוטע, און אַז זי רעדט, שמייכלען אַזוי איהרע גלאַנציגע אויגען...

אַזוי האָב איך געקלערט לאַנג, לאַנג. יעצט, ווען דאָס בלומליכע וואַסער האָט זיך גענומען רויטלען אַרום די קושאַ- קעס, האָב איך מיר דערמאָהנט, אַז איך דאַרף באַלד געהן... עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון, וואָס האָט אַ גאַנצען טאָג אַזוי שאַרף געברענט, האָט איצט בלויז געגלאַנצט מיט ראָזאַ שטראַה- לען און שטאַרק געפאַרבט דעם הימעל מיט'ן וואַסער אין איין רויטער מאַסע.

„מען דאַרף געהן יעצט צו איהר"...—האָב איך געקלערט און דער געדאַנק האָט מיר געפרעהט און געשראָקען צוזאַמען. איך האָב אַרומגעוואַשען מיינע ווייט-פערקאַשערטע פערברוינטע פיס און איינגעטונקען דעם קאָפּ אין וואַסער. באַלד האָב איך פערנומען מיינע ווערעם און ווענדקעס און בין אַוועק אַהיים.

ווען איך בין אַריין אין שטוב, איז זי שוין געשטאַנען אין שענק. זי איז געווען שען פערפּוצט אין אַ לייכט קורץ

קליידעל, און פּערוואָרפען מיט אַ דורכזיכטיגען שאַל אויף די אַקסלען.

—ביזטו געקומען, האָב איך דיך ליעב!—האָט זי מיר בע-געגענט אַזוי שען, אַז איך האָב מיר אינגאַנצען צומישט.

—אַזוי וואָלט איך איהם געמוזט פאַר די אייגען ברענ-גען...—האָט צוגעגעבען מיין מאַמע.

—אַ יונגער שענער יונגעל, עס שאַדט גאָרנישט,—האָט זי צוגעגעבען, אַלץ אַזוי שען שמייכלענדיג.

איך האָב אַוועקגעשטעלט די וועגדקעס. זי האָט געבעטען ביי מיין מאַמען, אַז זי זאָל מיר ערלויבען מיט איהר אַוועקצו-געהן, און ווען מיין מאַמע האָט איינגעוויליגט, זענען מיר אַרויס פון שטוב. איך האָב מיר געשעמט, פּיהלענדיג אויף זיך די בלי-קען פון דורכגעהענדע יודען און יונגלעך, וועלכע האָבען מיט נייגעריגקייט איהר און מיך אָנגעקוקט. פון צייט צו צייט האָב איך אַליין אויך געוואָרפען אויף איהר אַ בליק, צוכאַפּענדיג די אויגען שנעל, ווען איך האָב מיך געטראָפען מיט איהרע. זי איז געגאַנגען, אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ'ן הענטעל פון אַ ראָז געפאַרבט שירמל.

—אָך, סאַר אַ טיעפע זאַמדען ביי אייך זענען,—האָט זי געזאָגט.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, איך האָב גע-קוקט אויפ'ן טונקעלען מערב, וואו עס האָבען זיך געלאָשען איינס נאָכ'ן אַנדערן די אָווענד-פאַרבען, און וואו עס האָט זיך אַרויסגעזעהן דער הויכער קאָפּ פון דער טורעם-חורבה.

—וואָס איז דאָרט פאַר אַ מויער,—האָט זי מיר געפרעגט, קוקענדיג אַהין צו דער טורעם-חורבה.

—דאָרט איז דער הויפישער סאָד,—האָב איך געענטפערט און איך האָב דערפיהלט אַ פערלייכטערונג פון'ם איבעררייסען די שטילקייט.

—און דער מויער?—האָט זי ווייטער געפרעגט...

—דאָס איז אַנ'אַלט צעלעגטער מויער פון דער פאָווסטאַ-ניע,—האָב איך געענטפערט, אינגאַנצען רויט ווערענדיג.

—און מיר װעלען יעצט געהן אַהײן, אמת?—האָט זי אַזױ זיס געשמײכעלט.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. איך האָב געשפּירט, װי איה־רע בליקען פאַלען אָהן אױפהער אױף מרי, בלאָנדזעגדיג יבער מײן פערברענט פּנים, הענד און פיס און דאָס האָט מיר אינ־װעניג װי געבריהט. איך האָב געשװיגען.

—ביזט אַזאַ שעמעװדיגער יונגעל, װאָס נור דאָ זעה איך אַ זעלכען...—האָט זי מיר געזאָגט אַלץ מיט איהר זיסען לאַכען.—װיפיעל ביסטו אַלט?

—צװעלף יאָהר, האָט די מאַמע געזאָגט, װעל איך װע־רען װינטער,—האָב איך געענטפערט.

זי האָט זיך צעלאַכט.

—אַך, ביזטו אַ ליבער יונגעל. צװעלף יאָהר װעסטו אַלט װערען װינטער, האָט די מאַמע געזאָגט—און דו ביזט שױן אַזױ גרױס װי פון צװאַנציג!

איך האָב פערשעמט געקוקט אױף דער ערד. דער אָװענד איז צוגעפאַלען מיט דונקעלע שאָטענס. מיר זענען געגאַנגען לאַנגזאַם און שטיל דורך אונטערװעגעלעך צװישען שײערן און פעלדער אין דער ריכטונג צום מ ו י ע ר צו.

איך האָב מיר אָנגעהױבען פּיהלען בעסער. אין דעם דונ־קעלען אָװענד, װײט אױף די פעלדער, האָב איך געװאוסט, װעט אונז קײנער נישט זעהן.

—אַך, ביזטו, מײן שען אינגעל, ניט קײן גוטער קאַװאַ־לער,—האָט זי מיר געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ קינד,—דו זעהסט, עס איז מיר אַזױ שװער צו געהן און דו העלפסט מיר ניט אַרױס...—און זי האָט מיר דערלאַנגט דעם אָרעם.

איך האָב איהר גענומען, דערפּיהלענדיג דאַבײ אַ שטאַר־קע היץ אין פּנים, און באַלד זענען מיר געװען אין גאָרטען.

—װי שען דאָ איז אַרום! זעה װי שען,—האָט זי מיר גע־װיזען אַרום. איך האָב איהר יעצט דאָ דרײסטער בעטראַכט זי האָט געהאַט שװאַרצע האָר װי פּעך, בײ אַ װײסען, װײט דעקאָלטירטען האַלז און װײסע חײט-ענטבלױזטע אָרעמס. איך

בין געוואָרען אַזוי דרייסט, אַז איך האָב מיר ערלויבט איהר אָנצעווייזען אויפ׳ן שפּיץ פון דעם האַלב-צעוואָרפענעם טורעם.

—אָט דאָרט וואוינען באַציאַנעס—האָב איך געזאָגט.

—און מיר וועלען אַרויפגעהן אין דער הויך? אַך, מיין ליבער יונגעל, איך האָב מורא!

מיר האָבען גענומען אַרויפגעהן. זי האָט מיר געבעטען, איך זאָל איהר פעסט האַלטען, אַרומנעהמענדיג איהר פאַר׳ן טאַליע, וואָס איך האָב שטאַרק אונגעלונגען געמאַכט. באַלד זענען מיר געווען אויבען. אַ ווייטע שטרעקע האָט זיך מיט אַמאָל דאָ פאַר אונז אויפגעוויקעלט. און דער בוג האָט אַרויסגעבלויט, ווי עפּעס אַ פּערלוירענער בלוי-זיידענער באַנד. אין טונקעלען אָוועגד האָבען זיך די ווייטע הייזלעך פון שטעדטעל צונויפגעדריקט און האָבען אויסגעזעהן צו וועלען אַרויפקריכען איינס אויפ׳ן אַנדערן. טונקעלע בוימער-קרוינען האָבען זיך דאָ און דאָרטען געשפּרייט ווי שטיקער אַרויסגעזעהענע גראָז איבער די וויסטע קוימענדלעך פון די עק-הייזלעך.

אַ צייט זענען מיר געשטאַנען אין שטילען שווייגען. איבער אונז האָט זיך אויסגעוועלבט אַ בלייך-בלויער ווייטער, ווייטער הימעל, פון וואַנען עס האָבען קוים אַדורכגעגלאַנצט אַ פּאָר זומערדיגע שטערענדלעך.

אַ לייכטער נעפּעל האָט זיך אויפגעהויבען פון טייך און שנעל זיך גערוקט צו אונז, צעלעגענדיג זיך ווייט אויף די נאָהנטע לאָנקעס. בלויז וואָס אַנ׳אויפגעוואַכטע זשאַבע ערגעץ ביי דער וואַסער-מיהל האָט פּלוצלונג ווען איבערגעריסען די שטילקייט. איך בין געשטאַנען, אָנשפּאַרענדיג זיך אין דער פּערוואַקסענער ציגעל-וואַנד און געקוקט אין דער ווייטקייט. פון צייט צו צייט האָבען די באָציאַנעס אָנגעהויבען קלאַפּען מיט די שנאָבלען, וואָס האָט מיר געבראַכט אויפ׳ן געדאַנק, צי וואָלט מען נישט געקענט אַזוי אַרויס׳גגב׳נען ביינאַכט, ווען זיי שלאָפען, די קליינע פויגעל, אָדער אַ פּאָר אייער, אָדער זיך גאָר אַרויפכאַפּען אויף די אַלטע עפּעל-בוימער. איך האָב געקלערט. און פּלוצלונג האָב איך דערפיהלט נעבען זיך עפּיס

אַזוי ווייך און וואַרעם, איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און פּאַר מיינע אויגען האָבען אַ בליץ געטאָן נאָך אַ פּאָר אויגען, אָבער אַזעלכע שוואַרצע און ברענענדיגע.

—האָסט זיך אַזוי שען פּערטראַכט, מיין יונגעל,—האָט זי מיר געזאָגט.—ווי שען דאָ איז און ווי איך האָב דיך ליעב, וואָס דו האָסט מיך אַהער געפיהרט!..

דאָ האָט זי איהר קלאָר פּנים אַזוי צוגערוקט צו מיינס, אַז איך האָב דערפיהלט דעם דרוק פון איהרע ליפּען אויף מיין שטערען...

און ווידער איז געוואָרען שטיל. אַ רויטע לבנה האָט זיך אַרויסגעקאָלערט ווייט פון אונטער די געדיכטע קושאַקעס אַרויס אויף יענער זייט בוג. פערשידענע ווייסע רויב-פויגעל האָבען הילכיג געשריען אין לייכטען נעפּעל און האָבען זיך געדרעהט, פּאַלענדיג ווי שטיינער אין דער העלקייט פון טייך. גאַנצע מחנות שוואַרצע פלעדערמייז האָבען זיך געדרעהט, פליהענדיג שנעל אַהין און צוריק איבער אונז, און פון אונטען האָבען זיך דער-טראָגען רחמנות׳דיגע קולות פון איבערגעשראָקענע סאָוועס. פון צייט צו צייט פלעגט דאָ ווערען אַזוי שטיל, אַז איך האָב שאַרף געהערט דאָס שטאַרקע קלאַפּען פון איהר האַרץ.

זי האָט מיך אַרומגענומען, פערוואַרפענדיג איהרע ווייסע אָרעמס אַרום מיינע אַקסלען.

—ווי שען דאָ איז, נאָר איך האָב אַזוי מורא...—האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערדיג קול, איינגאַנצען מיך שטאַרק דריקענ-דיג.—ווי עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ!

זי האָט גענומען מיין האַנד און אַרויפגעלעגט אויף איהר ווייט-ענטבלויזטער ברוסט, קוקענדיג אויף מיר מיט איהר ליע-בען שמייכעל. איך האָב דערשפּירט ווי אַ הייסער שטראָם שלאָגט אַדורך מיינע אַלע גלידער און האָב שנעל אַוועקגענומען מיין האַנד. אַ מינוט זענען מיר געבליבען שטעהן אונבעוועגט. איך האָב נישט געקאָנט איבערטראָגען דעם קוק פון איהרע גלאַנציגע אויגען, וואָס האָבען יעצט ביי דעם שיין פון אַ פולער לבנה געבליצט און געפינקעלט.

—ביזט אַזאַ נאַריש און בייז יונגעל,—האָט זי מיר געזאָגט און ווידער האָב איך דערפיהלט איהר פּנים און דעם דריק פון איהרע ליפּען אויף מיין שטערען. דאָסמאָל האָב איך פּלוצלונג דערפיהלט דעם בלומען-רוח און דאָס ווייכקייט פון איהר בע-ריהרונג. איך האָב דערשפּירט, אַז זי וועקט אין מיר עפּיס אַ זעלכעס, וואָס איך האָב נישט פערשטאַנען און מיט אַמאָל האָב איך איהר פעסט אַרומגענומען און מיט׳ן גאַנצען כח זיך איינ-געגעסען מיט די ליפּען אין איהר ווייסען האַלז, אויגען און וואו איך האָב נאָר געקאָנט. ערשט, ווען איהרע נעגעל האָבען זיך פעסט אַריינגעשניטען אין מיינע הענד, האָב איך אויפגעהערט, בלייבענדיג מיד אָנגעשפּאַרט האַרט נעבען איהר אויף די ציגעל.

—אַ ווילד געוויקס,—האָט זי מיר געזאָגט,—ביזט דאָך בלויז אַלט צוועלף יאָהר און אַזוי...

איך האָב קוים געהערט. דאָס נייע פרישע געפיהל האָט מיך אינגאַנצען בעהערשט. איך בין געזעסען, אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף איהר ברוסט, שטייף איהר האַלטענדיג מיטביידע הענד פאַר דער טאַליע. איך האָב געפיהלט, אַז עפּיס האָט זיך יעצט אויפגעוועקט אין מיר נייעס און האָב אַרויפגעלעגט מיין האַנד ביי איהר אויפ׳ן האַרץ. זי האָט זיך געוועהרט און מעהר געדענק איך גאָרנישט, בלויז אַז אין דעם אָוועגד האָב איך אויף שטיקער צוריסען איהר לייכט דין בלוז-קעלע און אַ טויט-מידער אַראָבגעגאַנגען פון טורעם.

---

אויף מאָרגען אינדערפריה האָט מיך מיין מאַמע אויפגעוועקט.. איך האָב געהאַט אַ צופלאָגט פּנים און פון די אויגען האָבען מיר געגעצט די טרעהרען.

—וואָס שרייסטו אַזוי פון שלאָף ?—האָט מיר מיין מאַמע געפרעגט און געקוקט אומרוהיג.

איך האָב נישט געענטפערט, אַ געדריקט געפיהל האָט מיר בעהערשט, וואָס איז אָבער באַלד מיט די פרעהליכע מאָרגען-

שטראַהלען פערשוואונדען. איך האָב מיר דערמאָהנט אין דעם געשעהענעם פון נעכטיגען אָווענד און מיר האָט אויסגעוויזען, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַ חלום, אַ בייזער, זיסער חלום... דאָך האָבען מיר די פערפאַקטע קוישען בעשטעטיגט, אַז דאָס איז ווירקליך פאָרגעקומען און איך האָב מיך געשראָקען...

—„וואָס וועל איך טאָן, ווען איך וועל איהר זעהן!"—

דער געדאַנק האָט מיך געפייניגט. איך האָב געקלערט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען איך געה מיר אַוועק אויף יענער זייט בוג און לעג מיר אַריין אין די קושאַקעס אויף אַ גאַנ־צען טאָג און יעצט ביינאַכט קומען אַהיים און זיך לעגען שלאָ־פען...

און איך האָב אַזוי געטאָן. שעה'ן לאַנג בין איך אין דעם טאָג געלעגען אויסגעצויגען אין שאָטען פון געדיכטע קושאַקעס מיט'ן קאָפּ אין טיעפען גראָז בעהאַלטען. „וואָס וועט זיין, ווען איך וועל איהר זעהן?" דער געדאַנק האָט מיך נישט אָבגעלאָזט אויף אַ מינוט. איך האָב געפיהלט, אַז צייטענס וואַקסט ער אויס דאָרט אונטער מיין ברוסט ווי אַ גאָרטען-וואָרצעל, וואָס דריקט מיך און שטויסט צו טרעהרען. דאַן האָב איך אַרומגענומען דעם קאָפּ שטייף מיטביידע הענד, טיעפער זיך פערגראָבען אין גראָז און הויך געוויינט. איך האָב מיר געזעהן אויפ'ן טורעם, ווי איך האָב געקושט דער פרעמדער דאַמע, וואָס איז געווען אַזוי גוט צו מיר און איך האָב איהר אַראָבגעריסען דעם שאַל, זיך איינגעגעסען אין איהר ווי אַ פלעדער-מויז, געריסען איהר בלוז־קע... איך בין געווען שטאַרק, ווי אַ צערייצטע חיה און קוים געראָפען:

—וואָס פאַר אַ ווילד געוויקס—צוועלף יאָהר...

און באַלד איז דאָס פערשוואונדען און איך האָב מיך דערזעהען אויפ'ן גאַס, אַרומגערינגעלט פון יונגלעך, וואָס האָבען געטייטעלט אויף מיר מיט די פינגער און לאַכענדיג זיך איינגע־רוימט אין די אויערן. באַלד האָב איך דערהערט, ווי איינער האָט געזאָגט צום צווייטען:

—אויפ'ן טורעם האָט ער מיט איהר געשטיפט ביינאַכט...

—אָ, אויפ׳ן טורעם מיט איהר ביינאַכט!—האָט דער אַנ־דערער צו מיר אַ געשריי געטאָן. איך האָב מיר מיט׳ן גאַנ־צען כוח געלאָזט לויפען נאָכ׳ן יונגעל, איך בין געלאָפען אי־בער׳ן גאַנצען גאַס, יאָגענדיג זיך נאָך איהם און נאָך מיר האָ־בען קינדער נאָכגעשריגען:

—ביינאַכט מיט איהר אויפ׳ן טורעם, ביינאַכט אויפ׳ן טורעם!..

דאָס יונגעל האָט זיך פערדרעהט אין אַ געסעל. דאָ בין איך אָבער נאָכגעלאָפען, געכאַפּט איהם און מיט׳ן גאַנצען כוח זיך איינגעגעסען אין איהם, געהאַקט מיט די פויסטען, געטרעטען מיט די פיס און געריסען...

—ביינאַכט מיט איהר אויפ׳ן טורעם! האָסט איהר געקושט!—האָט דאָס יונגעל אַלץ נישט אויפגעהערט צו שרייען... נאָר דאָ האָב איך מיר אויפגעכאַפּט! גרויסע טראָפּענס שווייס זענען מיר געפאַלען פון שטערען אויפ׳ן פנים און זיך אַראָבגעקאָלערט. איך האָב אינגאַנצען געגליהט פון היץ און געשפּירט אַ ברע־נענדיגען דאָרשט.

איך בין אויפגעשטאַנען.

אין דרויסען האָט געדונקעלט דער אָוונד. אויפ׳ן ווייטען מערב האָט אין לעצטע שטראַהלען דערברענט דער רי־זיגער פליגעל פון אַ וואָלקען, וואָס האָט זיך ווייט אויסגע־שפּרייט איבער אַ האַלבען הימעל. גאַנצע מחנות וואַסער־פוי־געל האָבען זיך געטראָגען אין לופטען, פאַלענדיג אין ליליען־וואַסער־שפּיגעל און האָבען זיך אויפגעהויבען מיט גלאַנציגע צאַפּעלדיגע פישעלעך אין די מיילער. ערגעץ אין דער ווייט האָבען זיך צופייפט די נאַכטיגאַלען, אויסמישענדיג זיך מיט די פערשידענע קולות, וואָס האָבען זיך געטראָגען אין איין פלעהליכער אָוונד־מוזיק פון איבער׳ן טייך.

איך האָב מיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז האַרט ביים וואַ־סער און, צובויגענדיג דאָס מויל צום וואַסער, האָב איך דורשטיג געטרונקען. נאָר דאָ האָב איך דערהערט לייכטע טריט. די טרוקענע אָנגעוואָרפענע צווייגען האָבען זיך לייכט גע־

באַקאַכן און בלעטער האָבן געראַשט, ווי עמיץ וואָלט זיך אין זיי געטשעפּעט. איך האָב אָבגעריסן דעם קאָפּ פון וואַסער אין דאָ האָב איך דערזעהען—איהר... אינגאַנצען אין ווייסען אין זי געשטאַנען מיט'ן זעלבען זיסען שמייכעל און מיט אַ גרויסע וואַסער-ליליע אין האַנד. זי, די זעלבע!..

אַ מינוט האָב איך עס געקלערט און מיר האָט געדאַכט, אַז דאָס, וואָס איז נעכטען געווען, איז געוויס אַ בייזער חלום, אַז דאָס האָט זיך מיר געדאַכט בלויז אין דער פערגאַנגענער נאַכט... איך בין אויפגעשטאַנען.

אַ הייסער שטראָם האָט געשלאָגען איבער מיינע אַלע גלידער און איך האָב מיר געשעמט איהר גלייך צו קוקען אין פּנים, „איז זי דאָס? זי, די זעלבע, וואָס נעכטען? ניין!..“—און דרייסטער בין איך צו איהר צוגעגאַנגען. זי איז געשטאַנען אונבעוועגט, אָנשפּאַרענדיג זיך מיט איין האַנד אין אַ גרויסען שטעקען, בלויז וואָס די אויגען האָבען בליצענד בעוועגט זיך.

—ביזט אַוועק אויף אַ גאַנצע טאָג און מיך האָסטו געלאָזט אַליין! —אוי, ביזטו אַ קאַוואַליער, אַ ווילדע נאַטור. קאַוואַליער...—האָט זי געזאָגט, אַלץ בלייבענדיג אין דער זעלבער פּאָזע.

דעם לעצטען אויסדרוק האָב איך נישט אינגאַנצען פערשטאַנען, נאָר דאָס וואָרט „ווילדע“ האָב מיר דערמאָנט אין נעכטען און מיר איז געוואָרען הייסער.

—אין שטוב ווייסען זיי נישט, וואו דו ביזט און איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל דיך געפינען, און זעהסט !.—האָט זי גערעדט, ווען איך בין שוין געשטאַנען פאַר איהר מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, ווי אַ שווער-בעשולדיגטער און אין האַרצען האָב איך מיר נאָך אַלץ נישט געקאָנט גלויבען: „זאָל דאָס זיין די זעלבע? און ווי קיינמאָל גאָרנישט“?..

איך האָב געשוויגען...

—ביזטו יעצט אַ שען יונגעל!—האָט זי זיס געשמייכעלט.—און איך האָב אויסגעבעטען ביי דער מאַמען, דו זאָלסט מיט מיר

היינט פאָהרען אין אַ שיפעל. דו קענסט דאָך גוט פאָהרען?
—יאָ...—האָב איך ענדליך געענטפערט.
מיר זענען געגאַנגען אַהיים. די דאַמע האָט אָבגעגעסען איהר אָווענד-ברויט, גיך זיך איבערגעטאָן און איך האָב אויך עפּיס פאַר אַ גאַנצען טאָג געגעסען און באַלד זענען מיר אַוועק צום שיפעל.
די זעלבע גרויסע לבנה האָט זיך יעצט אַרויסגעקאָלערט פון זעלבען אָרט אונטער די קזשאַקעס, נאָר אַ גרעסערע, ווען מיר האָבען לייכט זיך געטראָגען איבער׳ן שפּיגעל פון פאַרנאַכטיגען וואַסער. זי איז געזעסען ביים צווייטען עק שיפעל, ווייט פער-רייסענדיג דעם קאָפּ אַרויף צו בלייכען בלויען הימעל צו אַראָבלאָזענדיגביידע הענד אין וואַסער אַריין.
אַ לאַנגע צייט זענען מיר געפאָהרען. די לבנה האָט אַלץ העכער זיך געקאָלערט און עס איז געוואָרען נאַכט. פון צייט צו צייט, ווען מיר פלעגען זיך פאַרבייטראָגען אונטער די הויכע קזשאקעס, פלעגט ווערען גאַנץ פינסטער און זי פלעגט זיך דאַן אויסווייזען, ווי אַ גרויסער ווייסער פויגעל פון דער טונקעלקייט.
איך בין געזעסען מיט אַנ׳אויפגעשפּליטער ברוסט, קיהלענדיג זיך אין לייכטען צוג פון די לאָנקעס. און דאָס שיפעל האָט זיך שטיל געטראָגען מיט׳ן וואַסער, מיידענדיג איינס נאָכ׳ן אַנדערן די שטיקעלעך שאָטענס און העלע שטרייפען פון לבנה-שיין.
—ווי שען דאָ איז, ווי שען דאָ איז...—האָט זי שטיל געזאָגט, ווי פאַר זיך.—מיר גליטשען זיך אַזוי צווישען הימעל און וואַסער, ווי גוט דאָ איז... ווענס מיר אַלע מאָל אַזוי שיפען?
דאָס האָט זי מיר אַזוי געפרעגט און איך... איך האָב איהר געוואָלט זאָגען, אַז איך וויל, אַז שטענדיג זאָלען מיר אַזוי פאָהרען אָהן אַ סוף, אָהן אַ סוף, עס זאָלען זיך אַזוי בייטען די לבנה-שטרייפען מיט די בוימער-שאָטענס און מיר

זאָלען זיך טראָגען, טראָגען... נאָר איך האָב גאָרנישט געענט-פערט.

—מאָרגען וועט קומען מיין מאַן, וועלען מיר זיך ווידער אַזוי שיפען, אמת?—האָט זי גערעדט מיט אַ טאָן פון אַ קינד. איך האָב צוגעמאַכט די אויגען און, אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ'ן רודער, האָב איך מיר פערטראַכט. איך האָב נישט געוואוסט פאַרוואָס, נור דער געדאַנק, אַז זי האָט אַ מאַן, האָט מיר אויסגעוויזען פאַר אונגלויבליך. יעדענפאַלס, האָב איך מיר גע-טראַכט, מוז ער זיין אַ הויכער פריץ מיט פערדרעהטע וואָנסען אַזוי ווי דער פון „הויף." און מיר האָט פלוצלונג דערשראָקען דער געדאַנק, טאָמער וועט זי איהם דערצעהלען, אַז איך... און דאַן וועט די מאַמע מיר רייסען ביי די אויערן!.. נור דאָ האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט. אונזער שיפעל, וואָס איז יעצט געגאַנ-גען אָהן אַ רודער, איז צוגעשטאַנען צום הויכען ברעג און איז שטעהן געבליבען. דאָ האָט זיך איבער אונז אויפגעהויבען אַ אמת'ער דאַך פון צווייגען און בלעטער, די געוויקסען זענען געוועזען אַזוי געדיכט אַז קוים-קוים וואָס זיי האָבען זיך אַדורכגע-ריסען דורך דעם לבנה-שיין אין געשטאַלט פון העלע פלעקען. אין דער ליכטיגער לבנה-נאַכט האָב איך געקאָנט אונטער-שיידען יונגע אָדער צעקרימטע גראָבע-קעפּיגע ווערבעס, גאַנ-צע געדיכטענישען פון ווילדע מאַלינעס, שלאַנקע נוסבוימלעך, סמאָראָזשינעס און ווילדע יאַגדעס, וואָס זענען אַלע געוואַקסען, פלעכטענדיג זיך איינס אין אַנדערן און בינדענדיג זיך מיט פערשידענע פאָדעם-געוויקסען. באַלד האָבען מיר זיך אויפגעהוי-בען העכער אין געדיכטעניש, וועלכע האָט זיך געהויבען אין עטליכע עשטיגען, ערטערווייס איבערלאָזענדיג פרייע פלעצער, בע-וואַקסען מיט אַ טיפען גראָז. מיר האָבען זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט זיך אַריבערגעוואָרפען אין דער העלפט אויף מיין שויס, פערגראָבענדיג דעם קאָפּ אין געדיכטעניש פון בלעטער, איהר הויכע ברוסט האָט שטאַרק געאָטעמט, וויגענדיג זיך אויף און אָב. איך האָב דערפילט אַנ'אנרוהיגקייט. אין דער טונקעלקייט האָב איך דאָ דערזעהן איהרע ענטבלויזטע קניה, וועלכע זענען גע-

װען פערלעגט אײנע אױף דער צװײטער און דאָס אונרוהיגקײט איז שטאַרקער געװאָרען. איך האָב געהערט דאָס קלאַפּען פון מײן האַרץ און פּלוצלונג האָט זי זיך אױפגעהױבען און, פעסט אַרומנעהמענדיג מיך, האָט זי צוגערוקט די ליפּען צו מײנע. איך האָב דערפיהלט די שמעקעדיגע װאַרעמקײט פון איהר צװײגטער ברוסט. איך האָב איהר אַרומגעכאַפּט און מיט אײן בױג איהר אַװעקגעלײגט אין טיעפען גראָז. דאַן האָב איך געװאָלט איהר בײסען מיט די צײהן, זיך אַרײנרײסען מיט די נעגעל אין איהר אָבגעדעקטער ברוסט, איהר פערדריקען און מײנע אָרעמס. זי האָט די גאַנצע נעגעל אַרײנגעשניטען אין מײנע הענד, װעהרענדיג זיך מיט'ן גאַנצען כּוח...

איך בין אָבער געװען שטאַרקער...

---

אױף מאָרגען איז ער, איהר מאַן, געקומען.

אַ ביסעל איז ער געװען עהנליך צו דעם, װעלכען איך האָב מיר נעכטען פאָרגעשטעלט. ער איז געװען הױך, אַ שפּיציג בערדעל, אַ דאַרער, אַ שרײענדיגער, אַ געשװינדער, און װען ער איז אַרײן אין אונזער גרױסער שטוב, האָט זי זיך איהם אָנגעהאָנגען אױף די אַקסלען און געװײנט פאַר פרײד. מיך האָט ער געשיקט, איך זאָל איהם ברענגען פריש קאַלט װאַסער זיך צו װאַשען, און װען איך האָב איהם געבראַכט, האָט ער מיר געגעבען אַ גרױסען קופּערנעם „צעהנער,“ װאָס איך האָב ניט געװאָלט נעהמען.

באַלד האָבען זײ זיך פערמאַכט אין שטוב און מעהר האָב איך איהר דעם גאַנצען טאָג נישט געזעהען. יעצט, פאַרנאַכט צײט איז זי אַרױסגעקומען אַ ק׳ראָע, אַ װײכע און נאָך

איהר—ער, מיט פֿערשפּיצטע װאָנסען און אַ שיטער בערדעל.
זי האָט איהם עפּיס אָנגעװיזען אויף מיר און באַלד האָט ער מיך צוגערופען.
איך האָב נישט געװאוסט, צי זאָל איך אַנטלויפען אָדער נישט. איך בין צוגעגאַנגען.
—װעסטו אונז פיהרען דאָרט אויפ׳ן טורעם?—האָט ער מיר מיט אַמאָל אַרויסגעמאָהלען דורך די צײהן.
אין מיר איז דאָס האַרץ שיער נישט אַרויס פאַר שרעק. אינגאַנצען ציטערענדיג, בין איך געשטאַנען מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען און געזוכט אויף װאָס צו קוקען. „אויפ׳ן טורעם, אויפ׳ן טורעם" האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, װי אַ פײערדיגער אויסשאָס. איך האָב מיר צו עפּיס גרײט געמאַכט.
נור דאָ האָט זי איהם אָנגענומען פאַר׳ן האַנד און מיט איהר זיסען שמײכעל האָט זי איהם אָבגעפיהרט, זאָגענדיג:
—מײנסט, מײן ליבער, איך װעל אַלײן נישט טרעפען?..
זײ זענען אַװעקגעגאַנגען. מיר זענען שטײנער אַראָב פון האַרץ און מיט אַ פרעהליך געפיהל האָב איך נאָכגעקוקט, װי זײ זענען אַװעק, װײט צו דעם טורעם אין טונקעלען אָװענד.

---

אַזוי זענען אַריבּער עטליכע טעג. איך פלעג איהר אַלץ זעלטענער זעהן אַלײן און זעהר לאַנג פלעג איך מיר אַרום דרעהען אין שטוב, בלויז אויף איהר אַ קוק צו טאָן. נאָר װאָס בײם אַרײנבּרענגען זײ װאַסער פלעג איך איהר זעהן אַ האַלב ענטבּלויזטע, מיט איהר זיסען שמײכעל אויף די ליפען, װאָס פלעגט מיר אַזוי פיעל דערמאָהנען און אַ זיסער שוידער פלעגט מיר אינגאַנצען אַדורכנעהמען. נאָר ער פלעגט מיר בעװאַרפען מיט אונרוהיגע בליקען און איך האָב דערפיהלט, אַז איך קריג איהם פײנד, שטאַרק פײנד. זײן קלײן בערדעלע האָט מיר אָנ־געהויבען דערמאָהנען אין ערגסטען באָק פון אונזער שטעדטעל

און טיעף, טיעף פלעגט מיר פערדריסען, ווען איך פלעג זעהן, ווי ער נעהמט איהר ביים ווייסען אָרעם, פאַר דער טאַליע, ביי וואָס די וואָנסען מיט'ן בערדעל פלעגען אַזוי לעכערלעך אָבשטעהן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי מוז פון דעם ליידען און עפּיס ווי אַ רחמנות האָט מיך אָנגענומען אויף איהר און אויף זיך.

און איינמאָל האָט ער מיך געבעטען, איך זאָל זיי פאַר-נאַכט שיפען אין דעם שיפעל.

אין מיר האָט דאָס האַרץ פערקלאַפּט. דאָך בין איך פאַרנאַכט געקומען צו דער צייט. אַלע זענען מיר אַריין אין שיפעל. איך האָב מיר גענומען פאַר מיין רודער און זייביידע האָבען זיך געזעצט אינמיטען פון שיפעל. מיר זענען געפאָהא-רען האַרט ביים בלויזען ברעג. איך האָב יעצט דאָס אויג נישט אַראָבגעלאָזט פון איהר. איהר פּנים איז געווען בלאַס, שמייכ-לענדיג, אָנגעשפּאַרט איז זי געזעסען, האַלטענדיג איהר אָרעם אויף זיין שויס. און ער האָט געגלעט איהרע שוואַרצע לאָקען, גענומען איהר פאַר דער טאַליע, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט דער הויכער, דאַרער, וואָס זיצט דאָ מיט איהר, גנב'עט ביי מיר, נעהמט-צו דאָס, וואָס עס געהער מיר און איך שטעה ביים רודער און קוק... פלוצלונג איז אַ הייסער שטראָם מיר אַריבער. אַ ווילדער כּעס האָט מיך אַרומגעכאַפּט, קוקענדיג, ווי זי האַלט איהר אָרעם אויף זיין שויס און ביי איהם בלאָנדזשעט אַ שמיי-כעל אַרום זיין אויסגעשפּיצט בערדעל און וואָנסעס. און עס האָט מיר געשטויסען צום וויינען. דאַן האָב איך געשפּירט, ווי אינ-ווענינ דריקט עפּיס, וואָס ברענט, ווי אַ פייער, און איך האָב געוואָלט מיט איין דרעה איבערקעהרען אַלע אין וואַסער אַריין... און איך האָב מיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן רודער. און מיט איין שפּרונג בין איך געווען אויפ'ן ברעג.

באַלד איז ער אויפגעשפּרונגען.

—וואָס איז דאָס? וואָס האָסטו געטאָן?..—האָט ער גע-שריען, מאָהלענדיג דורך די צייהן.

בײַ מיר האָבן טרעהרען און געלעכטער צוזאַמען אויס־געשאָסען.

—וואָס האָסטו געטאָן? ביזטו משוגע געוואָרען!—האָט ער אַ‏ן איין אָטעם געשריען.

דאָס שיפעל איז געפאָהרען אויפ׳ן מיטען שטראָם. איך האָב געקייכט פון געלעכטער, קוקענדיג, ווי ער אַמפערט זיך מיט׳ן רודער געגען רייסענדיגען שטראָם און שרייט, דראָהענ־דיג מיך מיט׳ן פויסט, דערווייטערענדיג זיך אַלץ מעהר און מעהר פון ברעג.

די לופט איז פול געוואָרען מיט אַ נעפעל. און עס האָט אָנגעהויבען געהן אַ שטאַרקער זומערדיגער רעגען, פון וועלכען איך האָב קוים אַרויסגעזעהן זייערע אונרוהיגע סילועטען.


